# יידן נאָכן נצחון

„אַנטיסעמיטיזם איז, לויט מיין מיינונג, אַ פּאַטש אין פּנים פון די נישט־יידן, און נאָר פאַר זיי — עס שאַדט זיי, עס מאַכט זיי אוממאָראַליש און וואולגאַר״.

טאָמאַס ג. מאַסאַריק

**129**

**די מאַטעריאַלן פֿאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע** זענען צונויפֿגעשטעלט לויט דאָקומענטן פֿון די אינפֿאָרמאַציע־צענטערס פֿון: בעלגיע טשעכאָסלאָוואַקיע, דענע־מאַרק, פֿריי פֿראַנקרייך, גריכנלאַנד, לוקסעמבורג, האָלאַנד, נאָרוועגיע, פֿיליפּינען, פּוילן, און יוגאָסלאַוויע. — אַנדערע מקורות: „אינסטיטוט פֿאַר יידישע ענינים", יידישע פּרעסע־באַריכטן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע לענדער. **ספּעציעלע אינטערוויוס** מיט: אַמבאַסאַדאַר זשאָרזש טהויניס, געוו. פּרעמיער פֿון בעלגיע, ה׳ יאַן מאַסאַריק, טשעכאָסלאָוואַקישער אויסערן־מיניסטער און ה׳ באָגאָליוב יעוויטש, געוו. פּרעמיער און אויסערן־מיניסטער פֿון יוגאָסלאַוויע.

# יידן נאָכן נצחון

## די גלות־רעגירונגען
## און זייער שטעלונג צו יידן

געזאַמלט און באַאַרבעט

פֿון

**צ. ה. וואַקסמאַן**

„דער ווידערשטאַנד“
אנטי־אַקסיס נייעס־בולעטין
ניו־יאָרק

# בעלגיע

*Belgium*

Nothing is more disgraceful than
the antisemitic racial laws

*Georges Theuniss*

## בעלגיעס קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט פרייהייט פון גלויבן און מיינונג!

אַ דערקלערונג פון הובערט פיערלאָ, פּרעמיער מיניסטער פון בעלגיע.

אין אַפּריל 1942, האָט דער בעלגישער פּרעמיער פון דער רעגירונג אין גלות, ה׳ הובערט פיערלאָ, אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג צום ענגלישן יידנטום בשייכות מיט דער שטעלונג פון פריי־בעלגיע צו די יידן:

„די בעלגישע קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט פרייהייט פון מיינונג און גלויבן פאַר אַלעמען.

אַ חוץ דעם האָט עס די טראַדיציע און די מנהגים פון בעלגיע קיינמאָל נישט דערלויבט צו מאַכן אַ וועלכן עס איז חילוק צווישן בירגער וועלכע געהערן צו אַן אַזוי־גערופענער אַנדערער ראַסע אָדער בעסער, צו אַ ראַסע אין וועלכער אַנדערע וואָלטן געוואָלט זיי אַריינשמוסן.

## אַלע בעלגיער זענען גלייך פאַרן געזעץ!

אָט דאָס זענען די פּרינציפּן אונטער וועמענס שוץ עס האָבן פרידלעך געלעבט די בעלגישע יידן ביז צו דער אינוואַזיע. די דאָזיקע פּרינציפּן זענען פּערמאַנענטע, זיי זענען דער סאַמע יסוד פון דער בעלגישער געזעץ־געבונג און די ווידעראויפשטעלונג פון די דאָזיקע גרונד־פּרינציפּן, אַזוי גוט ווי דער רעספּעקט פאַר זיי איז איינער פון די הויפּט־מלחמה־צילן פון בעלגיע.

„עס איז גוט באַקאַנט אַז די בעלגישע רעגירונג, מיט דער פולער צושטימונג פון דער עפנטלעכער מיינונג האָט געטון אַלץ וואָס איז געווען אין איר כוח כדי צו פאַר־לייכטערן דעם גורל פון די יידן, פאַרפאָלגטע פון די נאַציס.

נאָר אַ זיג פון די פאַראייניקטע פעלקער קען מאַכן אַ סוף צו די פאַרפאָלגונגען און אומגערעכטיקייטן פון וועלכע די יידן זענען קרבנות״.

## בעלגיע האָט אין צוויי מלחמות געוויזן
## דער וועלט דעם וועג צום ווידערשטאַנד

בעת די גאַנצע „ציוויליזירטע״ וועלט האָט באַיובלט דעם מינכענער פּאַראַט, זיך געזידלט מיט יידן פֿאַר מעשה גרינשפּאַן און געמאַכט באַנ־קעטן פֿאַרן נאַצישן אויסערן־מיניסטער פֿאָן־ריבענטראָפּ; בעת דער פּראָנצויזישער אויסערן־מיניסטער זשאָרזט באָנע, האָט אונטערגעשריבן דעם פּאַקט פֿון גוטער שכנהשאַפֿט מיטן היטלעריסטישן מיניסטער, האָט בעלגיע, דעם 2טן נאָוועמבער 1938, — און זאָל די דאַטע פֿאַרשריבן ווערן ביי אונז מיט גאָלדענע אותיות, — אָפּגעהאַלטן אַ היסטאָרישע פּאַרלאַמענט־זיצונג, געווידמעט אונז יידן, געווידמעט די שוידערלעכע פּאָגראָמען פֿון יענעם טראַגישן חודש אין דייטשלאַנד, אונטערן פּרע־טעקסט פֿון גרינשפּאַנס טאַט.

אָט דאָס איז דער אמתער גייסט פֿון בעלגיע, אָט אַזוי זינגט דער בעלגיער אין זיין נאַציאָנאַלן הימן: „נאָך יאָר־הונדערטער פֿון פֿאַר־שקלאַפֿונג איז דער בעלגיער אַרויס פֿון זיין קבר צו פֿרייהייט און געזעצלעכקייט . . . ״

אין קיין לאַנד האָט מען יידן נישט אַזוי אונטערשטיצט אין זייער קאַמף קעגן היטלעריזם ווי אין בעלגיע. ווייל קיין לאַנד האָט נישט געהאַט די דערפֿאַרונג מיטן דייטשן „איבערמענטש״ מיט דער דייטשער „אָקופּאַציאָנסמאַכט״ ווי דער בעלגיער. צוויי מאָל אין פֿאַרלויף פֿון איין פֿערטל יאָר־הונדערט האָט דאָס בעלגישע פֿאָלק אויפֿן אייגענעם קערפּער געפֿילט דעם טעם פֿון דייטשער אינוואַזיע און ביידע מאָל, מיט פֿאַראַכטונג צו יסורים און טויט, געשטעלט דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד, דעם מעכטיקן שטומען פּראָטעסט און נישט־קאָאָפּעראַציע, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס עס האָט זיך דעם אַריינדרינגער איינ־געגעבן צו קויפֿן אַ פּאָר שוואַרצע נשמות פֿון די רייען פֿון בעלגישן פֿאָלק.

אַזוי גיך ווי די בעלגישע אַרמיי האָט אַוועקגעלייגט דאָס געווער איז פֿון זיין קבר אויפֿגעשטאַנען דער „אונטערגרונד״. עס האָט דאָס געווער פֿון אוניפֿאָרמירטן סאָלדאַט איבערגענומען דער גייסט פֿון אומבאַקאַנטן זעלנער, דער אונטערגרונד־מענטש פֿון אַנטווערפּן און פֿון ברוסל, פֿון עשכען און לאַ־פּאַן האָט מיטן ערשטן טאָג ווען בעלגיע האָט די ערשטע רונדע פֿאַרשפּילט, גענומען גראָבן דעם קבר פֿאַרן דייטשן באַרבאַר. אינם זעלבע מאָמענט ווען אויף דער בעלגישער פּרעסע איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן דער ברוינער טויט־דעק, איז אונטער דער ערד פֿון פֿלאַנדערן און בראַבאַנט אויסגעוואַקסן די פֿרייע

בעלגישע פּרעסע La libre Belgique אין פֿראַנצויזיש און Vrij אין פֿלעמיש זענען די הויפּט טאָן־געבער אינם קאָנצערט פֿון צענדליקער אַנדערע אונטער־ערדישע אויסגאַבן צעזייט און צעשפּרייט איבער דעם געדיכט באַוואוינטן מאַרטיריזירטן בעלגיע און פּונקט אַזוי ווי אין 1915, בעת דער מוטיקער בירגערמייסטער פֿון בריסל אַדאָלף מאַקס, אַזוי האָט אויך אין 1941 דער בירגערמייסטער פֿון בריסל וואַן דער מוילענברוק זיך אָפּגעזאָגט צו קאָאָפּערירן מיטן דייטש. און פֿון קאַרדינאַל וואַן ראָי ביז צום לעצטן גלח אינם קלענסטן דאָרף, פֿונם אַרבעטער ביז צום פּויער אַלע ווי איינער אינם געדיכט באַפֿעלקערטן הונגעריקן בעלגיע איז דער ווידערשטאַנד אַן איינהייטלעכער. טויזנטער בעלגיער זענען פֿאַרשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, טויזנטער זענען פֿאַרשיקט געוואָרן אויף „פֿרייוויליקער אַרבעט” און מיליאָנען הונגערן אינם לאַנד וואָס האָט די געדיכטסטע באַפֿעלקערונג פֿון אייראָפּע.

די פּראָפֿעסאָרן פֿון די אוניווערזיטעטן פֿון בעלגיע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אויפֿצונעמען אין זייערע רייען דייטשע קאָלעגן” וועלכע די נאַצישע מאַכט האָט זיי געוואָלט אויפֿצווינגען. פֿון צייט צו צייט הערט מען וועגן דעם פּלוצמדיקן טויט פֿון איינעם אָדער אַן אַנדערן פֿון די אָנגעזעענסטע וויסנשאַפֿטס־לייט פֿון בעלגיע, ערגעץ וואו אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פֿונם דייטשן רייך.

יעדע וואָך ברענגט די נייעס פֿון פֿרישע אַרעסטן, נייע עקזעקוציעס און די ליסטע פֿון חטאים וועלכע ווערן באַשטראָפֿט מיט טויט לויט די באַרבאַרישע געזעצן פֿון דריטן רייך, איז אַ לאַנגע, כמעט אַן אומענדלעכע.

און אין דערמיטן פֿון די דאָזיקע אוממענטשלעכע וואַקכאַנאַליעס שטייען די שוצלאָזע בעלגישע יידן, פֿון וועלכע נאָר אַ קליינער טייל האָט באַוויזן זיך ·אַרויסצוראַטעווען פֿונם אייראָפּעאישן גיהנום. אויף די קעפּ פֿון די דאָזיקע אומגליקלעכסטע פֿון די אומגליקלעכע שיטן זיך נייע גזירות, יעדע שעה ברענגט אַ נייע פֿאַראָרדענונג, עס ווערט שווער צו אָטעמען, אַפֿילו די וועלכע האָבן נאָך אַ וועלכע עס איז מעגלעכקייט פֿון עקזיסטענץ וועלן עס נישט לאַנג אויסהאַלטן. אויף די קעפּ פֿון די דאָזיקע מענטשן גיסט זיך דער אומאויפֿהערלעכער שטראָם פֿון רשעות און גיפֿט פֿונם נאַצישן אָקופּאַנט. — אָבער אונזער איינציקע טרייסט איז, אַז דאָס בעלגישע פֿאָלק, וועלכעס, צו דער באַוואונדערונג פֿון דער גאַנצער וועלט, שטעלט אַזאַ האַרטנעקיגן ווידערשטאַנד דער־

לאַנגט אַ ברידערלעכן האַנט איר יידישן שכן אין דער דאָזיקער טראַגישער צייט פון געמיינזאַמע ליידן.

אַ האָלענדישער ייד אָפּערירט די ערשטע געהיימע אַנטי־נאַצי ראַדיאָ־סטאַציע אין בעלגיע. — אַ ביז איצט נאָך כמעט אומבאַקאַנטער פאַקט — קיינער האָט דערפון נישט געשריבן — די געציילטע מענטשן וועלכע קענען די קורצע געשיכטע פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג. — מיר טרויען זיך נאָך איצטער אויך נישט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן יידישן אידעאַליסט ווייל, טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען איז אונז נישט געלונגען פעסטצושטעלן צי ער געפינט זיך נאָך אין בעלגיע אָדער האָלאַנד, אָדער ער איז ערגעץ וואו אויף דער פריי.

זיין ראַדיאָ־סטאַציע האָט ער אָפּערירט אין זיין אייגענער היים אין איינער פון די געדיכט באַפעלקערטע יידישע גאַסן פון אַנטווערפּן. צוויי מאָל אַ טאָג צו באַשטימטע שעהן האָט ער אַרויסגעשיקט נייעס און פּראָפּאַגאַנדע אין דייטש און עטלעכע מאָל אַ טאָג אַנטי־נאַצי און באַיקאָט־מאַטעריאַל אין האָלענדיש און פראַנצויזיש. — די גוטע אַנטווערפּענער פּאָליציי האָט זייער גוט געוואוסט דערפון און האָט צוגעדריקט אַן אויג — אָדער בעסער —ביידע אויגן. — איז דאָך אין אַנטווערפּענער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט געהאַנגען אַ מודעה אין יידיש הגם יידיש איז אין בעלגיע קיינמאָל קיין אָפיציעלע שפּראַך נישט געווען.

חדשים־לאַנג איז די דאָזיקע גרויסע אַרבעט — אפשר די סאַמע וויכטיקסטע יידישע אַנטי־נאַצי טעטיקייט — אָנגעגאַנגען ביז די דייטשן האָבן גענומען שיקן, העפלעכע און שפּעטער אומהעפלעכע און צום סוף בייזע נאָטעס צו דער בעלגישער רעגירונג אַז זי זאָל מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע — וועלכע זי, די דייטשע רעגירונג, איז איבערצייגט אַז זי קומט פון בעלגיע. —

שליסלעך איז די בעלגישע רעגירונג געצוואונגען געווען אים צו אַרעסטירן אָבער זי האָט אים אַרויסגעלאָזט ביזן משפּט און אים געגעבן אַ וואונק צו פאַרשווינדן. ער איז אַוועק קיין האָלאַנד — אָבער די געשטאַפּאָ האָט שוין דאַמאָלס אומאָפיציעל געהערשט איבער אייראָפּע און די האָלענדישע רעגירונג האָט, אויפן פאַרלאַנג פון דער געשטאַפּאָ אים געבעטן צו פאָרן ווייטער. — (כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף פון פּאָליצייאישן כוח אין אייראָפּע איז אפשר כדאי צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דער מערדער היידריך איז פאַר אַ לאַנגער צייט געווען פּרעזידענט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליציי אָרגאַניזאַציע און אַזוי אַרום געוואוסט יעדן שריט פון אַלע אַנטי־נאַצישע טוער איבער דער גאָרער וועלט).

דער דאָזיקער אידעאַליסט, וועלכער איז שוין קיין יונגערמאַן נישט געווען, איז דאַן אַוועק קיין דרום־אַפריקע. ער איז אָבער שפּעטער צוריקגעקומען קיין אייראָפּע. ביז איצטער איז נישט געלונגען פעסט־צושטעלן וואו ער איז אַהינגעקומען. —

## דער געלער מגן דוד אַלס אַ בעלגישער אָרדן...

אַ שמועס מיט פּרעזידענט זשאָרזש טהויניס, געוו. בעלגישער פּרעמיער־מיניסטער און אויסעראָרדענטלעכער אַמבאַסאַדאָר פון בעלגיע אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

זשאָרזש טהויניס, וועלכער איז איצטער אַן אויסעראָרדענטלעכער אַמבאַסאַדאָר פון דער בעלגישער גלות־רעגירונג אין ניו־יאָרק, האָט הינטער זיך אַ לאַנגע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַרגאַנגענהייט.

בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט ער געדינט אַלס קוירנעל אין דער בעלגישער אַרמיי. שפּעטער איז ער געוואָרן דירעקטאָר פון דער איינקויף־קאָמיסיע פון דער בעלגישער אַרמיי אין לאָנדאָן.

נאָך דער מלחמה, איז טהויניס, אַלס אויסגעצייכנטער אינזשיניער געווען דירעקטאָר פון די גרויסע בעלגישע עלעקטרישע אונטערנע־מונגען.

לויט דער ספּעציעלער ביטע פון קעניג אַלבערט, איז זשאָרזש טהויניס, אין יאָר 1920, געוואָרן פינאַנץ־מיניסטער. 1921 ווערט ער פּרעמיער־מיניסטער און האַלט דעם הויכן אַמט ביז 1925.

1932 ווערט ער מיניסטער פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג און 1934 ווערט ער ווידער פּרעמיער מיניסטער און האַלט דעם פּאָסטן ביז 1935. אַ סך פּרעמיערס פון בעלגיע זענען געווען זיינע תלמידים. זשאָרזש טהויניס איז געווען דער יעניקער, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אָרדע־נונג אין די בעלגישע פינאַנצן און אין דער עקאָנאָמיע פון לאַנד אין יענע דעזאָרגאַניזירטע יאָרן פון עקאָנאָמישן כאַאָס.

צוויי יאָר האָט ער אָנגעהאַלטן דעם דאָזיקן פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן און זיך דאַן אומגעקערט צו זיינע אינדוסטריעלע און פינאַנץ אונטערנעמונגען. ער איז אָבער צוליב זיין אויסעראָרדענטלעכער פּער־זענלעכקייט דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון שטאַטס־מיניסטער (פאַר זיינע פאַרדינסטן אין די אינטערעסן פונם פאָלק).

1939 איז ער נאָמינירט געוואָרן אַלס אויסעראָרדענטלעכער אַמבאַסאַדאָר, מיט אַ ספּעציעלער מיסיע אין די פאַראייניקטע שטאַטן וואו ער געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

ער קען יידן, אָבער נישט קיין יידן־פֿראַגע. — אונזער ערשטע פֿראַגע איז געווען די סטערעאָטיפּע פֿראַגע פֿון יעדן יידישן זשורנאַליסט, הגם אַלס איינער, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געלעבט און געאַרבעט אין דער יידישער פּרעסע אין בעלגיע, האָט דער ענטפֿער געדאַרפֿט זיין באַקאַנט פֿון פֿאָרויס, אַ נעגאַטיוו־פֿריינדלעכער:

— איר ווייסט דאָך, שמייכלט דער מיניסטער, אַז ביי אונז האָט מען אַפֿילו קינסטלעך קיין יידן־פֿראַגע נישט געקענט אַרויסרופֿן. איך האָב געקענט אַ סך בעלגישע יידן, איך האָב געקענט יידישע מיניסטאָרן, סענאַטאָרן, ריכטער, גענעראַלן און הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, אָבער קיין יידן־פֿראַגע האָב איך נישט געקענט. איך בין געווען גוט באַקאַנט מיט אַזעלכע יידישע באַנקירן ווי פֿיליפּזאָן, באַראָן קאַסל א.אַנד. אָבער אויב איר פֿרעגט מיך וועגן אַ „יידן־פֿראַגע" מוז איך אַנטוישן . . .

דער אינטערוויוער האָט זיך געפֿילט אַביסל פֿאַרשעמט, און זיך ווי פֿאַרענטפֿערט: — איר פֿאַרשטייט הער מיניסטער, פֿאַר אונז יידן הויבט זיך יעדע פֿראַגע אָן פֿון דער זייט. און ברור לי, איך ווייס וואָס איר וועט מיר ענטפֿערן, איז עס פֿאַרן יידישן לעזער תמיד אינטערעסאַנט צו הערן, ליבערשט איינמאָל מער ווי ווייניקער, אָט אָ דאָס וואָס איר זאָגט מיר דאָ.

דער מגן־דוד אין בעלגישע פֿאַרבן. — אויב אייך איז אָנגענעם צו הערן אָנגענעמע זאַכן, האָב איך דאָ פֿאַר אייך אַ סך אַ פּיקאַנטערן ענין, און דער מיניסטער נעמט אַרויס פֿון זיין טישקעסטל אַ פֿאַרטרויליכן בולעטין, אין וועלכן ער לייענט אַ ווײַלע פֿאַרטיפֿט און רעדט ווי פֿאַר זיך: ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט קלינגען קומט עס דאָך פֿון אַ גלויבנסווערטער קוועלע:

די ידיעה שטאַמט פֿון אַזוי שפּעט ווי דעם 12 יוני 1942 און שטאַמען שטאַמט זי פֿון אַ נאַצי־קאָנטראָלירטער בעלגישער צייטונג „פֿאָלק — ען סטאַט" וועלכע באַקלאָגט זיך, אַז נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פֿאַרבאָטן ניט יידישע בעלגיער צו טראָגן דעם געלן מגן דוד אַלס אַ סימפּאַטיע אויסדרוק צו יידן, האָבן די בעלגיער זיך געהאָלפֿן און גענומען, אָנשטאָט דעם, טראָגן מגן דודס אין די בעלגישע נאַציאָנאַלע פֿאַרבן, רויט־געל־שוואַרץ, וועלכע מען קריגט צו קויפֿן עפֿנטלעך אין איינער פֿון די באַלעבטסטע גאַסן פֿון אַנטווערפּן, די איזאַבעלאַ־ליי.

דער מיניסטער לאַכט אויפֿריכטיק, ווען איך דערצייל אים, אַז אין פֿראַנקרייך רופֿט מען דעם געלן מגן דוד pour les semites, „אָרדער

פּור לע סעמיט", דאָס איז אַ וואָרט־שפּיל פֿאַר אַן אַנדער הויכער אויסצייכענונג וואָס רופֿט זיך „פּור לע מעריט" (פּור לע סעמיט, הייסט: פֿאַר סעמיטן און פּור לע מעריט הייסט: פֿאַר הויכע פֿאַר־דינסטן...

די צעטומלעניש האָט נישט לאַנג געהערשט. — פֿאַרשטייט זיך אַז אין די ערשטע וואָכן פֿון דער אינוואַזיע האָט אין בעלגיע געהערשט אַ געוויסע צעטומלעניש און צערודערטקייט. די קאַטאַסטראָפֿאַלע פֿאַר־ניכטונג פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמיי, וועלכע האָט געהאַט די רעפּוטאַ־ציע פֿון איינע פֿון די ערשטע אַרמייען פֿון דער וועלט, האָט אַלס פּועל יוצא געמוזט האָבן אַ דערדריקנדיקע מאָראַלישע ווירקונג אויף די שטאַרקסטע נערוון. אָבער שוין אין סעפּטעמבער פֿון טראַגישן יאָר 1940 האָט זיך די שטימונג אינגאַנצן געביטן. דער וואונדערבאַרער ווידערשטאַנד פֿון אונזערע ענגלישע פֿריינד קעגן דעם נאַצישן „לופֿט־בליץ", דאָס אָנקומען פֿון דער בעלגישער רעגירונג קיין לאָנדאָן און איר אַנטשלוס ווייטער פֿאָרטצוזעצן דעם קאַמף, די ידיעות אַז טיילן פֿון דער בעלגישער אַרמיי האָבן זיך געראַטעוועט קיין ענגלאַנד און אָנגעהויבן פֿאָרמירן די ערשטע צעלן פֿון אַ נייער בעלגישער אַרמיי די ידיעות אַז בעלגישע אַוויאַטאָרן קעמפֿן ביי דער זייט פֿון זייערע ענגלישע קאַמעראַדן קעגן דער אינוואַזיע־סכּנה פֿון ענגלאַנד, האָבן פֿונדאַסניי גאַלוואַניזירט די געמיטער פֿון די בעלגיער, האָבן ווידער אויפֿגעלעבט דעם אַלטן קעמפֿערישן גייסט פֿון 1914 — 1918, דער ווידערשטאַנד פֿון בעלגישן פֿאָלק האָט אָנגענומען נייע כּוחות און זיך אָרגאַניזירט פֿאַרן קאַמף פּונקט אַזוי ווי זייערע טאַטעס אין 1914.

לעאָפּאָלד II — קעניג פֿון די בעלגיער איז אַ געפֿאַנגענער ביי די נאַציס. — רעדנדיק וועגן קעניג, ווערט דער מיניסטער מיטאַמאָל ערנסט. די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע, זאָגט ה' טהויניס, האָט עס זייער גוט געוואוסט אויסצונוצן פֿאַר אירע צוועקן און דעם צוזאַמענברוך פֿון דער בעלגישער אַרמיי, נישט בלויז פֿיזיש איבערצונעמען בעלגיע נאָר אויך מאָראַליש אַריינפֿירן אַ דיסאָנאַנס אין די מוחות פֿון די מענטשן, ספּעציעל אין די נייטראַלע לענדער, פֿאַרשפּרייטנדיק רכילות און נישט געשטויגענע מעשׂיות, באַנוצנדיק זיך מיט דער טראַגעדיע פֿון קעניג.

דער אמת איז, פֿירט דער מיניסטער אויס, שוין אַלעמען איצטער באַקאַנט.

דער קעניג איז זייט דריי יאָר אַ געפֿאַנגענער אין די נעגל פֿון נאַצישן אָקופּאַנט, אַ קריגס־געפֿאַנגענער סאָלדאַט. מיר אַלע ווען

זיך תמיד דערמאָנען זיינע ווערטער אין דער דעקלאַראַציע פֿונם טראַגישן מאַי 1940 :

בעלגיעס זאַך איז אַ ריינע, און מיט גאָטס הילף וועט זי טרי־אומפֿירן.

קעניג אַלבערט האָט געצײלט אַ סך ייִדן צווישן זײַנע פֿרײַנד. — רעדנדיק וועגן בעלגישן קעניגלעכן הויז, באַמערקט ה׳ טהויניס, אַז אייגנטלעך איז לעאָפּאָלד געגאַנגען אין די דרכים פֿון זיין פֿאָטער, וועלכער האָט געהאַט דעם צונאָמען „דער קעניג סאָלדאַט״, לעאָפּאָלד איז אויך געווען אַ קעניג־סאָלדאַט, ווען דער ערשטער טייל פֿון דער מלחמה האָט זיך דערווייל נישט איינגעגעבן.

קעניג אַלבערט, וועלכער איז געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע מאָנאַרכן פֿון אייראָפּע, האָט געציילט אַ סך ייִדן צווישן זיינע פּער־זענלעכע פֿריינד.

קיין זאַך איז נישט אַזוי נידערטרעכטיק ווי די ראַסן־געזעצן. — אונזער שמועס איז ווידער ביי ייִדן, און דער מיניסטער, נישט זוכנ־דיק קיין איבערגאַנג, זעצט־פֿאָר : אָבער ווי שרעקלעך עס זאָל נישט זיין די פֿאַרוויסטונג פֿון שטעט, די פֿאַרניכטונגען און אויסשיסונגען פֿון פֿרידלעכע בירגער, און אַלע אַנדערע שוידערלעכקייטן אָנגעג־פֿאַנגען פֿון „שוצהאַפֿט״ און קאָנצענטראַציע־לאַגער, און פֿאַרענדיקט מיט אַזעלכע גרוילטאַטן ווי לידיצע, זענען זיי אַלע נישט ערגער פֿאַר די ראַסן־געזעצן און פֿאַרפֿאָלגונגען וואָס זענען די באַזע פֿאַר היטלערס „נייע אָרדענונג״.

„ווייל דערמיט שטייען די נאַציס אין אַ פֿונדאַמענטאַלן קעגנ־זאַץ קעגן אַלע אידעאַלן פֿאַר וועלכע מענטשן האָבן געקעמפֿט דורך יאָרהונדערטער און פֿאַר וועלכע מיליאָנען האָבן זייער לעבן אַוועק־געגעבן. דאָס זענען אידעאַלן אָן וועלכע אונזער ציוויליזאַציע קען קיין קיום נישט האָבן.

„און צוריק צו אונזער אָנגעהויבענער טעמע, פֿאַרענדיקט דער מיניסטער : קיין שום לאַנד אין דער וועלט איז נישט געווען אַזוי ליבעראַל ווי בעלגיע, וואו ס׳איז קיינעם נישט איינגעפֿאַלן צו ציען אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן דעם ייִדן און דעם מענטשן פֿון אַן אַנדער גלויבן. מיט אַ פּאָר טעג צוריק ערשט, הער איך, האָט מען אין בעלגיע איינגעפֿירט די נירנבערגער געזעצן, אויסשליסנדיק ייִדן פֿון אַזעלכע פּראָפֿעסיעס, ווי מעדיצין, רעכט און אַנדערע באַרופֿן אין וועלכע זיי האָבן זיך אַזוי גלענצנד אויסגעצייכנט. די ייִדן מוזן אויך טראָגן אַ געלע לאַטע וועלכע טיילט זיי אָפּ פֿון דער איבעריקער באַפֿעלקערונג.

„די בעלגישע רעגירונג, אין באַוואוסטזיין פֿון דער גרויסער מאָראַלישער דערדריקונג פֿון די יידן איבער דער גאָרער וועלט, האָט עס געהאַלטן פֿאַר וויכטיק אָפּצוגעבן אין דער דאָזיקער שעה, אַ קלאָרע דערקלערונג בשייכות מיט דער נאָך־מלחמה שטעלונג פֿון די יידן אין בעלגיע. די דאָזיקע דערקלערונג איז דערשינען אינם „דזשוּאיש בולעטין" אין לאָנדאָן און איך האָב אויך, פֿאַרענדיקט דער מיניסטער, דאָס זעלבע אין נאָמען פֿון מיין רעגירונג איבערגעגעבן עפֿנטלעך און פֿייערלעך אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון אייראָפּעאישע יידן דעם 6טן יוני 1942 אין ניו־יאָרק". (דעקלאַראַציע ביים אָנהויב פֿון קאַפּיטל).

## אַן איבערבליק איבערן יידישן לעבן אין בעלגיע פֿאַר און נאָך דער אינוואַזיע.

פּונקט אַזוי ווי ווילנע איז אַמאָל אָנגערופֿן געוואָרן „ירושלים דליטא", אַזוי וואָלטן מיר אַמליבסטן אָנגערופֿן די פֿאַר־מלחמהדיקע בעלגיע, „ירושלים פֿון מערב־אייראָפּע". — בעלגישע יידן פֿלעגן זאָגן: זאָל מען אונז געבן ארץ ישראל, וועלן מיר צוריקגעבן די פּע־ליקאַן גאַס... (הויפּט אַרטעריע פֿון אַנטווערפּענער דיאַמאַנט־מסחר).

ווי לאַנג לעבן שוין יידן אין בעלגיע. — דער נייצייטיקער ישוב אין בעלגיע, געהערט צו די יונגערע און וויניק צאָלרייכע פֿון אייראָפּע. אמת, שוין אינם 4טן יאָרהונדערט האָבן געלעבט אין די בעלגישע פּראָווינצן און אינם 8טן, 9טן, 13טן און 14טן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן די יידישע קהילות געקענט צייטן פֿון אויפֿבלי. אָבער פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון 14טן ביזן 18טן יאָרהונדערט האָבן רדיפֿות, גירושים, די שפּאַנישע אינקוויזיציע נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל זיך אויסבילדן אַ שטאַנדהאַפֿטיקער יידישער ישוב.

מ׳נעמט אָן, אַז אין 1830, דאָס יאָר ווען בעלגיע איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָט די יידישע באַפֿעלקערונג געציילט 3.000 נפֿשות. ערב דער דייטשער אינוואַזיע 1940 האָט זי באַטראָפֿן אַרום 85.000 תּושבים און אַן ערך 25.000 פֿליטים פֿון דייטשלאַנד, עסטרייך,טשע־כאָסלאָוואַקיע. די איינגעזעסענע יידישע באַפֿעלקערונג איז, אין איר גרעסטן טייל, געבילדעט געוואָרן דורך צוויי אימיגראַציע־כוואַליעס: אַ רוסישע און אַ גאַליצישע אין די אַכציקער יאָרן פֿונם 19טן יאָר־הונדערט, אַ פּוילישע נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג. צוליב די האַרבע נאַטוראַליזאַציע־געזעצן זענען אַ סך יידן פֿון בעלגיע געבליבן אויס־לענדישע בירגער.

די יידישע גלייכבארעכטיקונג און יידישע איניציאַטיוו. — די גלייכבאַרעכטיקונג (אייגנטלעך אין קראַפט אין בעלגיע זייט דער פראַנ־צויזישער אָקופּאַציע אין 1792), וועלכע איז פראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער בעלגישער קאָנסטיטוציע פונם יאָר 1821, איז דורכגע־פירט געוואָרן אינם לעבן. אויב די צאָל יידן וואָס האָבן פאַרנומען אָפיציעלע פונקציעס איז געווען אַ קליינע, איז אָבער זייער השפעה געווען אַן אָנזעעוודיקע. בעלגיע האָט פאַרמאָגט יידישע מיניסטאָרן (ווי פאָול היימאַנס) און סענאַטאָרן (סעם ווינער, פאָול ערערא, הערבערט ספייער), אַ יידישן אַמבאַסאַדאָר פאָול מעי) יידישע ריכטער, אוניווער־זיטעט־פראָפעסאָרן (לעאָן פאָול און זשאַק ערערא, ראָבערט גאָלדשמידט, ניקאָ גינזבורג, אָסקאַר וויל, הערבערט ספייער) און הויכע פונקציאָנערן (ווי מאַקס גאָטשאַלק) צוויי יידישע גענעראַלן האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָלע אין די צוויי לעצטע מלחמות: אין 1914־1918, גענעראַל בערנהיים, אין 1940, גענעראַל ערנעסט ווינער, פאָרזיצער פון דער יידישער קאָנסיסטאָריע, איצט אַ קריגס־געפאַנגענער אין דייטשלאַנד.

יידישע איניציאַטיוו, באַזונדערס אויפן אינדוסטריעלן און פי־נאַנציעלן געביט האָט שטאַרק בייגעטראָגן צו דעם עקאָנאָמישן אויפ־שוואונג פון יונגן בעלגישן שטאַט. יידישע פריוואַטע בענק (קאַסעל לאַמבערט, פילפּסאָן) האָבן דערביי דערפילט אַ וויכטיקע פונקציע. אין די נאָך־מלחמה־יאָרן האָט זיך די ראָל פון די יידן דער עיקר געלאָזט מערקן אין די דימענט און לעדער־טאַשן אינדוסטריען, דורך יידן אויסגעבויט און זייערער אַ כמעט מאָנאָפּאָל. נישט נאָר דער מסחר, אויך די פאַבריקאַציע איז געלעגן אין יידישע הענט: בעלגיע האָט געציילט טויזנטער יידישע דימענט אַרבעטער און ביי אַ 1500 יידישע בייטל־מאַכער. אויך אין די טעקסטיל־ און פוטערוואַרג־צווייגן און אין דער פאַבריקאַציע פון רעגנמאַנטלען איז דער יידישער אָנטייל געווען אַ ווערטפולער.

דער גרעסטער טייל פון דער דימענט־אינדוסטריע האָט זיך, ווי באַוואוסט, אַרויסגעראַטעוועט פון בעלגיע און זיך קודם כל אינסטאַלירט אין רואיאַן, אין פראַנקרייך, שפּעטער האָבן זיי אויך פון דאָרט געמוזט עוואַקואירן — אַזוי, אַז אַ טייל איז געלונגען צו קומען קיין ארץ ישראל און אַ גרעסערן טייל קיין אַמעריקע, וואו עס האָט זיך פאַר דער צייט שוין אַנטוויקלט אַ קליינע אינדוטריע. —

די בעלגישע רעגירונג האָט דורך פאַרזיכטיקע מאָסנאַמען גע־האָלפן אַרויסראַטעווען די פאַרמעגנס פון די יידישע דיאַמאַנטאָרן פון בעלגיע).

יידיש געזעלשאַפֿטלעך לעבן. — דער יידישער ישוב, וועלכער האָט זיך קאָנצענטרירט אין עטלעכע שטעט, בפֿרט אין אַנטווערפּן און אין בריסל, איז בדרך כּלל געווען געטראָגן פֿון אַ שטאַרקן יידישן באַוואוסטזיין. עס איז באַשטאַנען אַן איינפֿלוסרייכע ציוניסטישע באַוועגונג (פֿון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, מיט ציוניסטישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן קוים אַנדערשוואו געהאַט אַ גלייכן צו זיך, מאַטעריעל און גייסטיק). די יידישע רעליגיע איז געווען אָנערקענט פֿון דער רעגירונג, וועלכע האָט אויסגעהאַלטן אַ געוויסע צאָל רבנים און חזנים; די קהילות האָבן געהאַט רעליגיעזע פֿונקציעס; זיי האָבן פֿאַרמאָגט אַ צענטראַלן רעפּרעזענטאַטיוון אָרגאַן: די יידישע קאָנסיסטאָריע. דאָס יידישע שולוועזן איז באַשטאַנען דער עיקר פֿון צוויי סאָרטן שולן: אַנטווערפּן האָט פֿאַרמאָגט צוויי פֿון דער רעגירונג סובסידירטע רעליגיעזע טאָג־שולן; אַ חוץ דעם האָט דאָס לאַנד פֿאַרמאָגט אַ ישיבה (אין היידע לעבן אַנטווערפּן), אַ פֿאָלקס־אוניווערסיטעט (אין בריסל) און מערערע רעליגיעזע און וועלטלעכע צוגאָב־שולן.

בעלגיע האָט לעצטנס געהאַט אַ יידישע טאָג־צייטונג „יידישע פּרעסע", וועלכע איז פֿריער דערשינען איבער 12 יאָר אַלס אַ וואָכנצייטונג. אויסער דעם פֿלעגן דערשיינען אַנדערע וואָכנשריפֿטן אין יידיש, פֿלעמיש און פֿראַנצויזיש, אַ חוץ אַ צאָל פֿאַראיינס־אָרגאַנען און ענלעכע פּובליקאַציעס; עס זענען באַשטאַנען באַדייטנדע אינסטיטוציעס פֿאַר וואוילטעטיקייט און סאָציאַלער הילף; אין אַנטווערפּן איז זייער אַרבעט קאָאָרדינירט געוואָרן דורך דער אָנגעזעענער „צענטראַלע". די לעצטע יאָרן האָט דער דראַנג צו אַן איינהייטלעכער אָנפֿירונג אין יידישע ענינים געפֿירט צו דער בילדונג פֿון „ראַטן פֿון יידישע אָרגאַניזאַציעס". זיי האָבן אַרומגענומען: אין אַנטווערפּן אַלע, אין בריסל כּמעט אַלע פּאָליטישע, רעליגיעזע, וואוילטעטיקע, קולטורעלע, עקאָנאָמישע און ספּאָרטיווע גרופּירונגען און אינסטיטוציעס.

מוסטערהאַפֿטע צדקה־טעטיקייט. — אַ באַזונדערן און פֿאַרדינסטפֿולן קאַפּיטל פֿאַרנעמט די הילף פֿאַר פּליטים פֿון דייטשלאַנד. בעלגיע איז געווען איינע פֿון די גאַסטפֿריינדלעכסטע צופֿלוכט־לענדער פֿאַר די קרבנות פֿונם נאַצי־רעזשים. מען רעכנט, אַז פֿון 1933 ביז 1940 האָבן זיך בערך 40.000 פּליטים אויפֿגעהאַלטן אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט אין בעלגיע. אָנהויב מאַי 1940 האָבן זיך נאָך געפֿונען אין לאַנד 25.000 פּליטים, פֿון וועלכע 16.000 האָבן באַקומען אונטערשטיצונג. זיי האָבן געשטעלט די פּליטים־קאָמיטעטן פֿאַר געוואַלטיקע מאַטעריעלע און אַדמיניסטראַטיווע אויפֿגאַבעס. אין 1939 האָבן די הוצאות פֿון די

פּליטים־קאָמיטעטן באַטראָפֿן 20 מיליאָן בעלג. פֿראַנק (בערך 700,000 דאָלאַר). די קאָמיטעטן זענען אונטערשטיצט געוואָרן פֿונם דזשאָינט, וועמענס בייטראַג האָט פֿאַר די חדשים יאַנואַר־מאַי 1940 באַטראָפֿן 275.000 דאָלאַר. אַ חוץ דעם איז דער שווערער פֿינאַנציעלער עול אויך פֿאַרלייכטערט געוואָרן דורך סובסידיעס געשטימטע דורכן בעלגישן פּאַרלאַמענט, אין דער הויך פֿון 6 מיליאָן בעלגישע פֿראַנק אין 1939 און פֿון 8 מיליאָן בעלגישע פֿראַנק אין 1940.

קאַמף קעגן נאַציזם. — די יידישע אַקציע קעגן נאַציזם און אַנטי־סעמיטיזם איז אין בעלגיע געווען נישט שלעכט אָרגאַניזירט. בעלגיע האָט פֿאַרמאָגט עטלעכע יידישע באַיקאַט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געהערט צו די טעטיקסטע אין אייראָפּע .אויף דער אַנטי־יידישער העצע איז געענטפֿערט געוואָרן מיט אַ סיסטעמאַטישער אויפֿקלערונגס־אַר־בעט דורך בראָשורן, פּרעסע־בולעטינס, אַרטיקלען און פֿאַרזאַמלונגען.

די יידישע פֿירערשאַפֿט האָט אין איר קאַמף געפֿונען די סימפּאַטיע פֿון דער ברייטער עפֿנטלעכער מיינונג. לעאָן דעגרעלס אַנטיסעמיטיזם האָט אים קיין מזל נישט געבראַכט. ביי די לעצטע וואַלן (אַפּריל 1939) איז זיין פֿאַרטרעטונג אין דער קאַמער געפֿאַלן פֿון 21 דעפּוטאַטן אויף 4. די דייטשע אַגרעסיע־פּאָליטיק האָט בהדרגהדיק געעפֿנט די אויגן פֿון די ברייטסטע שיכטן פֿון דער בעלגישער באַפֿעלקערונג. די איבער־צייגונג, אַז אַנטיסעמיטיזם איז אין פֿלוג „פֿינפֿטער קאָלומניזם" האָט געפֿירט דערצו, אַז אין מערץ 1940 זענען אַ ריי אַנטי־יידישע העץ־בלעטער פֿאַרבאָטן געוואָרן.

אינוואַזיע און גלות. — די ידיעות וועגן דער נאַצישער אויסראָ־טונגס־טאַקטיק אין פּוילן, די זכרונות פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, די אַלאַרם־אַגיטאַציע פֿון דייטשע אַגענטן האָבן אַנטוויקלט אין דער בעלגישער ציווילער באַפֿעלקערונג אַ פּאַניק־שטימונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין די טעג פֿון דער דייטשער אינוואַזיע ווי איינע פֿון די גרעסטע וואַנדערונגען פֿון דער היסטאָריע.

מיליאָנען בעלגיער האָבן זיך געראַטעוועט קיין פֿראַנקרייך און מיט זיי דער גרעסטער טייל פֿונם יידישן ישוב. דער גורל פֿון אַט די פּליטים איז געווען אַ פֿאַרשידנאַרטיקער. אַ טייל איז געבליבן שטעקן אין פֿאַרשידענע פּונקטן פֿון דער אָקופּירטער פֿראַנקרייך צווישן די צוואַנגען פֿון די דייטשע אַרמייען, וועלכע האָבן זיי איבערגעיאָגט. זיי האָבן זיך דערנאָך אומגעקערט קיין בעלגיע. זייער ביישפּיל האָט שפּע־טער נאָכגעטאָן אַ טייל פֿון די פּליטים וואָס האָבן זיך שוין געפֿונען אין דער נישט־אָקופּירטער פֿראַנקרייך. אָבער די צוריקגעקערטע האָבן גיך

חרטה געקראָגן און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע, דאָס מאָל לרוב אומלעגאַלע יידישע אויסוואַנדערונג פֿון בעלגיע.

ציפֿערן און געשאַצטע סטאַטיסטיקס. — פֿון פֿאַרשידענע, אָפֿט סתירותדיקע, באַריכטן און שאַצונגען באַקומט זיך אומגעפֿער אַזאַ בילד פֿון דער סיטואַציע: אַ צוויי הונדערט אַלט־איינגעזעסענע בריסעלער פֿאַמיליעס און אַ טויזנט משפּחות פֿון אַנטווערפּענער דימענט־סוחרים (צוזאַמען אַרום 6.000 נפֿשות) האָבן געפֿונען אַ מקום מקלט אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן. אַן ערך 750 פֿאַמיליעס געפֿינען זיך אין אַנדערע אַמע־ריקאַנישע לענדער (בראַזיל, אַרגענטינע, קובאַ — צוזאַמען אַן ערך 2.500 נפֿשות). אַ זיבן טויזנט נפֿשות געפֿינען זיך אין ענגלאַנד, נאָרד־אַפֿריקע, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל. טויזנטער פֿאַמיליעס (מען שאַצט די צאָל אויף 8.000 נפֿשות, אַ דריטל דערפֿון — דייטשע פּליטים) זענען פֿאַר־בליבן אין פֿראַנקרייך און לעבן ווער אין לאַגערן, ווער אין שרעק פֿאַר אינטערנירונג. אַ פּאָר טויזנט נפֿשות לעבן אין דער אָקופּירטער פֿראַנק־רייך. אין בעלגיע גופֿא געפֿינען זיך איצט אומגעפֿער 75 פּראָצענט פֿון די יידן, וואָס זענען געווען אינם לאַנד דעם 10טן מאַי 1940. די גרעסטע צאָל פֿון די רעליגיעזע יידן און געזעלשאַפֿטלעכע פֿירער פֿון די בעל־גישע יידן געפֿינען זיך איצט אין אויסלאַנד.

נאָך די דעפּאָרטאַציעס פֿון די יאָרן 1942 און 1943 איז יעטוועדע מין סטאַטיסטיק נישט מער ווי אַ השערה. קיין פּרעציזע ידיעות האָט קיינער נישט.

דער טראַגישער גורל פֿון די דייטש־יידישע פּליטים. — באַזונדערס טראַגיש איז דער פֿאַל פֿון טויזנטער פֿון צווישן די דייטשע פּליטים, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין בעלגיע בעת דער אינוואַזיע. דעם 10טן מאַי 1940 זענען 5.000 פֿון זיי — מענער אינם עלטער פֿון 17 ביז 60 יאָר — אַרעס־טירט געוואָרן ווי בירגער פֿון אַ פֿיינדלעכער מלוכה און טראַנספּאָר־טירט געוואָרן קיין פֿראַנקרייך. אין יוני 1940 האָט די פֿראַנצויזישע מאַכט געלאָזט אַרעסטירן אויך די פֿרויען, אַ פּאָר טויזנט אין צאָל. די געשיכטע פֿון די ליידן פֿון די דאָזיקע אומגליקלעכע איז פֿאַרבונדן מיט די פֿינצטערע נעמען פֿון די אינטערנירונגס־לאַגערן סען־סיפּריען און גורס.

שפּעטער זענען געקומען די גרויסע גירושים קיין פּוילן, בעת וועל־כע די נישט־יידישע באַפֿעלקערונג האָט אַרויסגעוויזן מער ווי פּשוטע סימפּאַטיע צו זייערע יידישע שכנים. פּויערים, אַרבעטער, גלחים און סתּם בירגער האָבן אין אַ סך פֿאַלן ממש איינגעשטעלט זייערע לעבנס, כּדי צו ראַטעווען אַ יידיש קינד אָדער באַהאַלטן אַ יידישע משפּחה.

דראַמאַטישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפֿן וואָקזאַל פֿון אַנטווערפּן ווען די דייטשן האָבן אַוועקגעשיקט דעם ערשטן טראַנספּאָרט יידן קיין פּוילן. הונדערטער בעלגיער האָבן באַלאַגערט דעם באַנהויף און די אַמאָליקע יידישע פּעליקאַן גאַס. אַ ייד, וועמען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפֿן פֿון בעלגיע, האָט דערציילט, ווי אַזוי די בעלגיער האָבן אונטער סכנת נפֿשות, אין דער לעצטער מינוט, געוואָרנט יידן פֿאַר דער דעפּאָרטאַציע און ווי אַזוי אַנדערע בעלגיער האָבן איינגעשטעלט זייער פֿרייהייט, כּדי מיטצוגעבן אַ דעפּאָרטירטן יידן אַ לעבל ברויט.

די בעלגישע באַפֿעלקערונג סימפּאַטיזירט מיט יידן. — דער יידי־שער ישוב ווערט שטאַרק דערמונטערט דורך דער וואַרעמער סימפּאַטיע פֿון די נישט־יידישע שכנים. די פּראָ־נאַצישע האַלטונג פֿון די רעק־סיסטישע, פֿלעמישע נאַציאָנאַלע און פֿאַרוואַנדטע קרייזן שטויסט זיך אָן אויף דער פֿאַראַכטונג און דער שנאה פֿון דער באַפֿעלקערונג, וועלכע באַשולדיקט זיי אין פֿאַרראַט. דער דאָזיקער ווידערווילן נעמט אויך אַרום זייער אַנטי־יידישע אַגיטאַציע.

דייטשן האָבן זיך נישט געטרויט צו פֿאַרעפֿנטלעכן אַנטי־יידישע פֿאַראָרדענונגען. — די בעלגישע אונטערערדישע צייטונג „לאַ ליברע בעלזשיק״ פֿון 15טן מערץ 1942 ברענגט אונטערן טיטל: „די נייע ציווילי־זאַציע״ פֿאַלגנדיקע ידיעות און קאָמענטאַרן אין שייכות מיט די אַנטי־יידישע פֿאַראָרדענונגען פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע־מאַכט, וועל־כע זענען לעצטנס אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער מאָדנע באַדינגונגען. מיר געבן דאָ דעם גאַנצן אַרטיקל:

## די „נייע ציוויליזאַציע״

„אונזערע פּראָטעקטאָרן האָבן נאָר וואָס אָנגענומען נייע אַנטיסע־מיטישע דיספּאָזיציעס, איינמאָל מער צעבראָכן און באַליידיקט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, לויט וועלכן רעקוויזיציעס פֿון פּערזענלעכן פֿאַרמעגן זענען פֿאַר קיין פֿאַל נישט דערלאָזבאַר. די געזעצן פֿון דער בעלגישער קאָנסטיטוציע זענען אויך בפֿירוש קעגן דעם, שטעלנדיק אַלע מענטשן גלייך פֿאַרן געזעץ.

„די נאַציס האָבן דאָסמאָל אַפֿילו נישט דעם קוראַזש דורכצופֿירן די פּראָצעדור אויף זייער „נאָרמאַלן״ וועג. זיי האָבן מורא אויפֿצוהענגען אַפֿישן מיט זייער געווײנטלעכן טאַם־טאַם און באַדינען זיך מיט דער פּאָסט מורא האָבנדיק פֿאַר דער רעאַקציע פֿון דער בעלגישער באַפֿעל־קערונג. די בריוו, וועלכע מיר פֿאַרעפֿנטלעכן דאָ ווייטער זענען געשיקט

געוואָרן צו אַלע יידן אין בעלגיע, בירגער און נישט־בירגער, געוועזענע קאָמבאַטאַנטן זענען אויך נישט אויסגענומען".

„לאַ ליברע בעלזשיק" קאָמענטירט די דאָזיקע פאַראָרדענונגען אין עטלעכע קורצע זאַצן, וועלכע מיר גיבן דאָ איבער אָן אייגענע קאָמענטאַרן:

„ווי מיר זעען, האָבן די באָש (אַ שימף־נאָמען פאַר די דייטשן) נישט קיין אַנדערע דאַגות ווי צוצונעמען ביי די יידן פון בעלגיע זייער פאַרמעגן און אַלע זייערע הכנסה־קוואַלן און זיי טרייבן צו לעבן פון דער געמיינדע צדקה־קאַסע.

„אָבער מיר ווילן, אַז איר זאָלט וויסן, מיינע הערן, אַז די בעלגיער זענען אין זייער מאַיאָריטעט ציוויליזירטע מענטשן, ווען עס עקלט פאַר אַזאַ קוואַליפיקאַציע פון מענטשן אונטער די אַזוי־גערופענע ראַסן־טעאָריעס אויף דער „ערלעכער" באַזע פון נישט לאָזן אַ שכן פאַרדינען אַן ערלעך שטיקל ברויט.

„די יידן־פאַרפאָלגונגען — זעצט פאָרט „לאַ ליברע בעלזשיק", — וועלן זיך אין דעם לאַנד אָנשטויסן אויפן קריסטלעכן וויסן און געוויסן—

(אַ וואָרט־שפּיל אין פראַנצויזיש: La science et la conscience.)

„איך אַליין, שרייבט דער אומבאַקאַנטער רעדאַקטאָר פון דער אונטערערדישער צייטונג, האָב אַ סך יידישע פריינד און איך קען נאָר שטאָלץ און אויפריכטיק מיך באַרימען מיט זייער טרייקייט און ברייטהאַרציקייט.

היינט, — פאָלימיזירט „לאַ ליברע בעלזשיק" מיט אַ קוויזלינג־רעדאַקטאָר פון דער נאַצי־קאָנטראָלירטער צייטונג „לע סואַר" — היינט שרייבט דער שיינער האַראַץ (אַ צונאָמען פאַר דעם באַטרעפנדן קוויזלינג) אין ד"ר בעקערס פאַרקויפטן בלעטל „לע סואַר" אַנטראָפּאָלאָגיש אַנטיסעמיטישע אָפּשאַצונגען.

„בעלגיער — פאַרענדיקט „לאַ ליברע בעלזשיק" — לאָזט אייך נישט אַרייננאַרן אין זאַק מיט פסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע אַנטיסעמיטישע אָפּשאַצונגען, געשריבענע פאַר גוט קלינגענדיקע דייטשע מאַרק".

אָט אָ דאָס איז דאָס אייביקע בעלגיע און דאָס איז איר אמתע באַציאונג צו אונז יידן. — „לאַ ליברע בעלזשיק" גיט די ריכטיקסטע אָפּשאַצונג פון דער בעלגישער פאָלקס־נשמה. — בעלגיע, דאָס גליקלעכסטע לאַנד פאַר יידן אין מערב־אייראָפּע פון נעכטן, וועט עס אויך זיין אויף מאָרגן נאָכן זיג.

## טשעכאָסלאָוואַקיע

*Czechoslovakia*

# די לאַגע פון די יידן אין טשעכאָסלאָוואַקיע פאַר און נאָך דער נאַצי־אינוואַזיע

לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1930 האָבן אין די פינף פראָווינצן פון דער רעפובליק געלעבט 356.830 יידן — אַרום 2.4 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי האָבן זיך פאַרטיילט אויף פאָלגנדיקן אופן: א) היסטאָרישע לענדער: טשעכיע, מאָראַוויע און שלעזיע; ב) סלאָוואַקיע; ג) פאַדקאַרפּאַדסקע רוסלאַנד.

היסטאָרישע לענדער. — אין דער דאָזיקער גרופּע א. האָבן געלעבט 555.711 יידן, על פי רוב אַסימילירטע שפּראַכלעך און אויסערלעך, הגם עס האָט צווישן זיי עקזיסטירט אַ גרויסע נאַציאָנאַל יידישע און ציוניסטישע באַוועגונג. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געלעבט אין די גרעסערע שטעט—אַרום 51 פּראָצענט האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר און אינדוסטריע, וואו זיי האָבן פאַרנומען וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. 13 פּראָצענט זיינען געווען אין פרייע פּראָפעסיעס און האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין קולטורעלן, ליטעראַרישן און פּאָליטישן לעבן פון דער רעפובליק. ליידנדיק פון אַן איבער קולטור זיינען זיי געווען פון די פאַראייניצלטע גרופּעס אין אייראָפּע ווען די געבורטצאָל עס איז קלענער געווען מיט 6 פון יעדע 1000 געבורטן יערלעך.

סלאָוואַקיע. — די סלאָוואַקישע יידן האָבן שוין מער געהאַט דעם מזרח־טיפּ, מער אויסערלעך אַסימילירט (טיפער רעליגיעז). זייער צאָל האָט אָנגעטראָפן 136.737 נפשות, זיך פאַרנעמענדיק צום גרעסטן טייל מיט מסחר און אינדוסטריע און צווישן זיי געפינט זיך אַן אָנגעזעענער טייל בעלי־מלאָכות און אַ ביסל ישובניקעס. (עס איז כדאַי צו נאָטירן, אַז אין די דערמאָנטע „היסטאָרישע לענדער" האָבן זיך נאָך געפונען יידישע פּויערים און אַפילו אַ יידיש דאָרף, נישט ווייט פון פּראָג). אָבער נישט קוקנדיק אויף זייער עקאָנאָמישע לאַגע זענען 50 פּראָצענט דאָקטוירים און אַן ערך 60 פּראָצענט אַדוואָקאַטן פון סלאָוואַקיע געווען יידן. אַזוי איז אויך געווען זייער צאָל אונטער דער אינטעליגענץ פון לאַנד. די בעסט־אָרגאַניזירטע יידישע קהילות פון מזרח־אייראָפּע זענען געווען די סלאָוואַקישע. און אין קעגנזאַץ צו טשעכיע־מאָראַוויע און שלעזיע איז די געבורטן־צאָל דאָ געווען אַ צופרידנשטעלנדיקע (6 גע־

בורטן מער צו יעדער טויזנט טויט־פֿאַלן). אין קיין באַזונדערער שפּע האָבן יידן אין סלאָוואַקיע נישט געלעבט, אָבער עס האָט נישט גע־הערשט קיין אָרעמקייט; פֿאַרקערט, מען קען פֿאַרצייכענען גיכער אַ געוויסן וואוילשטאַנד.

יידן אין פּאָדקאַרפּאַטסקע רוסלאַנד. — אַנדערש האָט אויסגעזען די לאַגע אין דער דאָזיקער פֿינפֿטער פּראָווינץ פֿון דער רעפּובליק; די 102.542 יידן פֿון דעם דאָזיקן לאַנד האָבן אָנגעטראָפֿן אַריבער 14 פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג. דאָס איז געווען דער טיפּ פֿון אַ הונדערט־פּראָצענטיקן מזרח־יידן און כּמעט די גאַנצע באַפֿעל־קערונג איז טיף רעליגיעז. ס׳רוב פֿון זיי זענען חסידים, אָנהענגער פֿון לאָקאַלע גוטע יידן. זייער עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען די שווערסטע פֿון דער גאַנצער רעפּובליק, אָבער די מעגלעכקייטן פֿאַר זיי זענען געווען גרויסע און פֿאַר די 20 יאָר טשעכאָסלאָוואַקישע הערשאַפֿט האָבן די יידן פֿון די דאָזיקע פּראָווינצן זייער פֿיל פּראָפֿיטירט הן פֿון דער ביר־גערלעכער גלייכהייט און הן פֿון דער אַנטוויקלונג צו נאַציאָנאַל באַ־וואוסטזיניקע יידן. די צוויי גרויסע שטעט, מונקאַטש און אוזשהאָראָד, האָבן געהאַט יידישע גימנאַזיעס (העברעישע) מיט מלוכהשע רעכט, און זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן פֿון דער רעפּובליק.

די געבורטן־צאָל אין דער דאָזיקער פּראָווינץ האָט געהאַלטן דעם סטאַנדאַרד פֿאַרן גאַנצן לאַנד (אַן עודף פֿון 23 צו יעדער טויזנט), פֿאַר יידן, פֿאַרשטייט זיך. אין דער דאָזיקער פּראָווינץ האָט אַ גרויסער טייל יידן זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט.

וואָס פֿון די לענדער איז געוואָרן. — נאָכן רויב פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע איז פֿון די ערשטע דריי פּראָווינצן געוואָרן אַ נאַציזירטער פּראָטעק־טאָראַט. סלאָוואַקיע איז געוואָרן אַן „אומאָפּהענגיקע מלוכה" אונטער היטלערן, און פּאָדקאַרפּאַדסקע רוסלאַנד האָט אונגאַרן צוגערויבט און אַנעקסירט. פֿאַר מינכען איז טשעכאָסלאָוואַקיע קיין יידן־פּראַגע נישט געווען. טשעכאָסלאָוואַקיע האָט אָפּגעהיט די הבטחות פֿון מינאָריטעטן ביזן לעצטן אות, און יידן האָבן פֿון די דאָזיקע רעכט גענאָסן די פֿולע פּירות. פֿון אַנטיסעמיטיזם האָט דאָס לאַנד נישט געוואוסט, און אַחוץ אייניקע אויסברוכן פֿון לאָקאַלע סלאָוואַקישע פֿאַשיסטן, האָט די באַ־פֿעלקערונג פֿון דער רעפּובליק געלעבט אין קעגנזייטיקער אַכטונג און רעספּעקט, ביז ס׳זענען געקומען היטלערס ערשטע קלעפּ. דער רויב פֿון עסטרייך, צו דער צייט פֿון קאָנראַד הענליין און זיינע סודעטישע בויאַנעס אָנגעהויבן שוער מאַכן דאָס לעבן פֿון די 25 טויזנט יידן פֿון דער סודעטן־געגנט, און הגם פּראָג האָט שוין געהאַט אַ גרויסע צאָל

פּליטים יידן פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך (מיט פּראָג איז געמיינט די טשעכישע מלוכה) האָט מען געמוזט פּלאַץ מאַכן פֿאַר די דאָזיקע ערשטע קרבנות פֿון נאַצי־טעראָר אין דער נאָך לעבנדיקער רעפּובליק.

נאָך מינכען — צומאָרגנס, נאָכן מינכענער „פֿאַרקויף", האָט אַ טייל פֿון דער רעכטער טשעכאָסלאָוואַקישער פּרעסע זיך גענומען גלייכשאַלטן. און, פֿאַרשטייט זיך, דער ערשטער קרבן איז געווען דער ייד. בענעש איז שוין נישט געווען מער אין לאַנד און דער טרוס האַכאַ מיט זיינע משרתים האָבן "געגרינדעט„ די צווייטע רעפּובליק, אָנהייבנדיק מיט אַ יידן־העצע און מיט יידן־געזעצן פֿון דער ערב היטלערישער עפּאָכע, אַרויסוואַרפֿנדיק יידן פֿון די ליבעראַלע פּראָפֿעסיעס. ביים ערשטן פֿעברואַר 1939 האָט מען שוין געהאַלטן ביי רעווידירן די יידישע נאַטוראַליזאַציעס און שליסלען, צוויי וואָכן פֿאַר דעם אַריינמאַרש פֿון די דייטשן אין פּראָג, האָט מען גענומען רייניקן די מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס פֿון יידן. אָבער אָפּגעזען פֿון דעם אַלעם איז די עפֿנטלעכע מיינונג געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז אָפֿיציעל האָט זיך די רעגירונג פֿון דער „צווייטער רעפּובליק" נישט געטרויט אַרויסצוטרעטן מיט אַנטי־יידישע געזעצן און אַלץ וואָס זי האָט אונטערגענומען איז געווען געמאַכט אויף הינטערוועגן און אונטערן אַזוי גערופֿענעם דרוק פֿון דער „פּרעסע" (דער פֿאַשיסטיש־אונטערשטיצטער).

ערגער איז געווען די לאַגע פֿון די יידישע פּליטים אין דער „צווייטער רעפּובליק". 40.000 אין צאָל זענען מיטאַמאָל געוואָרן „אומגעוויניטשטע" אָבער מען האָט זיי נישט געהאַט וואו אַרויסצושיקן. פֿאַרקערט, נאָך 2,000 פּליטים וועלכע זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון סודעטן לאַנד אין „קיינעמס לאַנד" האָבן אונטערן דרוק פֿון דער נאָך אָנשטענדיק געבליבענער טשעכישער פּרעסע, געמוזט אַריינגעלאָזט ווערן אין לאַנד.

„אויטאָנאָמיע און אומאָפּהענגיקייט". — נאָך ערגער איז געוואָרן די לאַגע פֿון די יידן אין סלאָוואַקיע, וועלכע האָט צוערשט אונטער דער רעפּובליק באַקומען אויטאָנאָמיע און דאַן ביים רויב פֿון פֿון דער רעפּובליק פֿון די דייטשן באַקומען „אומאָפּהענגיקייט" — דאָרט האָבן די כוליגאַנעס פֿון דעם קאַטוילישן פֿאַשיסט הלינקאַ און זיינע נאָכפֿאָלגערס טיסאָ און מאַך, פּשוט סאַנקציאָנירט די נאָוועמבער פּאָגראָמען פֿון 1939, וועלכע גייען אָן אויף אַ פּערמאַנענטן אופֿן ביזן היינטיקן טאָג. אין משך פֿון דער גאַנצער עפּאָכע פֿון דער צווייטער רעפּובליק, האָט דאָס איינציקע לאַנד פֿון די 5 פּראָווינצן, פּאָדקאַר־פּאַטסקע־רוס" אָנגעהאַלטן די טראַדיציע פֿון מאַסאַריק לגבי יידן

— הגם אויך דאָרטן איז אַ גלח געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער אויטאָנאָמער רעגירונג (פאָטער וואָלאָזשין). אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט ווייל גלייכצייטיק ווי די נאַציס האָבן באַזעצט פּראָג האָבן די אונגאַרן געראַבעוועט דעם דאָזיקן טייל פון דער רעפּובליק און דער גורל פון די דאָרטיקע יידן איז געוואָרן אַ פאַרזיגלטער.

די צאָל יידן ווערט קלענער. — **דעם ערשטן אָקטאָבער 1939** האָט דער „פּראָטעקטאָראַט" (די פּראָווינצן באַזעצט דורך די נאַציס) גענומען אַ צענז פון די יידן אין די דריי פּראָווינצן און צוזאַמען מיט די פּליטים זענען שוין אינגאַנצן געהאַט געבליבן: 90.147 יידן (42.298 פּרויען און 43.849 מענער) פון זיי האָבן מער פון אַ העלפט געלעבט אין פּראָג. דער ערשטער אַנטי־יידן געזעץ איז דערשינען שוין אין יולי 1939 אַרויסוואַרפנדיק יידן פון אַלע פרייע פּראָפעסיעס. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אַ ריי דעקרעטן הן פון דער אַזוי־גערופענער רעגירונג פון פּראָטעקטאָראַט און הן פון רייכספּראָטעקטאָר אויס־רויבנדיק און ליקווידירנדיק, אויף דעם שנעלסטן וועג, יידישע פּאָזיציעס און יידישע פאַרמעגנס. געבנדיק אָבער די טשעכן זייער ווייניק שאַנסן צו באַקומען אַ חלק אין דער אַזוי־גערופענער „אַריאַניזאַציע", אָדער אַריינצוטרעטן אַלס שותּפים אין יידישע געשעפטן כדי זיי, ווי עס איז צו ראַטעווען. ביים סוף פון יאָר 1939 איז דאָס גאַנצע יידישע האָב און גוטס שוין געווען אין דייטשע הענט. דער גרעסטער טייל פון יידישע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען, אינדוסטריען, באַנקהייזער, פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן און אַנדערע אונטערנעמונגען זענען שוין געווען „אַריעריזירט", אָדער אין פּשוט יידיש: אויסגעראַבעוועט פון די נאַציס. צוואַרפנדיק אַ ביין צו זייערע טשעכישע סאַטעליטן. לויט אַ דייטשער שאַצונג האָט דאָס יידישע גערויבטע פאַרמעגן אָנגעטראָפן אַרום דריי ביליאָן מאַרק אָדער אַ ביליאָן דאָלער. (אָט אַזוי ווערט עס אויסזען אין ציפערן: $1.000.000.000) און דאָס, דאַרף מען נישט פאַרגעסן זענען דייטשע ציפערן.

מאַסן אַרעסטן, מאַסנמאָרד, עקזעקוציעס, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַנדערע ענויים, וועלכע מען האָט צוגעגרייט פאַר די יידן אין „פּראָטעקטאָראַט", האָבן זייער צאָל נאָך ווייטער דעצימירט. יידן ווערן געטריבן פון זייערע היימען און פון זייערע שטעט. די וועלכע ווערן נישט דעפּאָרטירט אין פּוילן ווערן פאַרשטיקט אין די געטאָס וואו משפחות פון 7 און 8 מענטשן מוזן זיך באַגנוגענען מיט איין קליין צימערל, צווישן 8 אינאַוונט און 6 אינדערפרי טאָרן זיך יידן נישט באַווייזן אויף די גאַסן. עפנטלעכע פּאַרקן אָדער אַפילו בולוואַרן זענען

פֿאַר זיי פֿאַרבאָטן. זיי טאָרן נישט באַנוצן קיין עפֿנטלעכע פֿאַרקער־מיטלען און טאָרן נישט פֿאָרן אויסערהאַלב פֿון תחום־המושב וואו מען האָט זיי פֿאַרשיקט. זיי טאָרן נישט פֿאָרן אין אַ צווייטער שטאָט אַפֿילו צו אַ לוויה פֿון טאַטע מאַמע. הגם יידן באַקומען אָפֿיציעל לעבנס־מיטל קאַרטן קענען זיי אָבער נאָר איינקויפֿן אין געוויסע אומגינסטיקע שעהן פֿון טאָג. קליידער־קאַרטן באַקומען יידן אינגאַנצן נישט. עס איז פֿאַרבאָטן זיך צו באָדן אין עפֿנטלעכע שווימבעדער אָדער אַפֿילו אין טייכן און אָזיערעס. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם האָט זיך די גאַנצע מענלעכע יידישע באַפֿעלקערונג וואָס איז נאָך געבליבן אין לאַנד געמוזט רעגיסטרירן פֿאַר צוואַנגס־אַרבעט. (פֿון 17 ביז 55 יאָר). יעדער לייכטער איבערשרייט פֿון די יידן רעגולאַציעס ווערט געמשפּט און האַרט באַשטראָפֿט דורך נאַצישע געריכטן.

די יידישע קהילה פֿון פּראָג. — נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם לעבט און עס עקזיסטירט די אַלטע יידישע פּראַגער קהילה און אונטער די אוממענטשלעכע אומשטענדן עקזיסטירט זי און דערפֿילט אירע פֿונקציעס, וועלכע זענען אין יעדער הינזיכט אַ סכנות־נפֿשותדיקע אונטערנעמונג. עס גייט זאָגאַר אַרויס אַ יידיש־דייטש וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען: „יידישעס נאַכריכטנבלאַט" — באַהאַנלנדיק אויסשליסלעך יידישע צרות. כּדי צו „עקספּעדירן" וואָס גיכער די יידישע ענינים האָט די געשטאַפּאָ געגרינדעט אַ ספּעציעלע „יידן־ביוראָ" אין די בנינים פֿון דער פּראַגער יידישע קהילה מיט געשטאַפּאָ, פּאָליציי און שטייער־אַגענטן. אויב אַ גליקלעכן יידן געלינגט צו באַקומען אַ וויזע אין איינעם פֿון די זעלטענע נייטראַלע לענדער האָט ער אויסצופֿילן 18 פֿאַרשידענע פּראַגע־בויגנס און קען זיך וואָכן נישט אָפּטשעפּן פֿון דעם דאָזיקן „יידן־ביוראָ". בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פֿון יידן פֿון „פּראָטעקטאָראַט" האָט מען די דעפּאָרטירטע געוויינלעך געגעבן אַ נאָטיץ פֿון 24 שעה און מיטן אויסדריקלעכן פֿאַרבאָט וואָס עס איז צו פֿאַרקויפֿן אָדער פֿאַרשענקען פֿון פּערזענלעכן אייגנטום. מיטנעמען האָט מען געמעגט נאָר אַ באַשרענקטע צאָל באַגאַזש און אַ קליינע סומע געלט (דאָ רעדט זיך וועגן אינלאַנד דעפּאָרטאַציעס).

דעפּאָרטאַציעס, היידריך און די טשעכן. — כּדי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פֿון די יידן האָבן די נאַציס אַראָפּגעבראַכט דעם ארץ־ישראלדיקן נאַצי, אייכמאַן (פֿון אַ דייטש־רעליגיעזער קאָלאָניע אין א"י), וועלכער האָט געהאָלפֿן צו אומלעגאַלער אויסוואַנדערונג. דער פּלאַן פֿון אַרויסשיקן די איבעריקע יידן קיין פּוילן, אין די געטאָס, האָט צוליב אומ־

באַקאַנטע טעמים, נישט געקענט דורכגעפירט ווערן אינגאַנצן. אָבער אויף וויפל מען האָט אים דורכגעפירט איז ער געווען איינער פון די גרויזאַמסטע. לאָמיר בלויז נעמען דעם פאַל פון די 8.000 יידן פון מאַראַווסקאַ־אָסטראַוואַ וועמען די געשטאַפּאָ האָט אין איין מעת לעת טראַנספאָרטירט קיין פוילן: עס איז די אומגליקלעכע דערלויבט געוואָרן מיט זיך צו נעמען איין האַנט־וואַליזע און אַ סומע נישט גרעסער פון 3.000 טשעכישע קראָנען. אָבער שוין אויף דער באַן־סטאַנציע אין דער זעלבער שטאָט, האָט די געשטאַפּאָ ביי זיי אַוועקגענומען די לעצטע גראָשנס פון דעם וואָס זיי האָבן געהאַט. אָבער ניש־קוקנדיק אויף דעם אַלעם איז עס די נאַציס נישט געלונגען צו פּאָפּולאַריזירן אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד און קיינער האָט די יידן־געזעצן נישט גענומען אַלס „געזעץ”...

ווען דער הונט (וואָס איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן) היידריך האָט איבערגענומען די מאַכט (האַרבסט 1941) האָט ער אַלס ערשטע פון זיינע האַנדלונגען זיך גענומען צו די יידן און בעת ער האָט גענומען מאַכן די „רייניקונג” אין די רייען פון די טשעכישע קוויזלינגס האָט ער זיי אונטער אַנדערע פאָרוואורפן באַשולדיקט אין... יידן־פריינדלעכקייט און אין נישט נעמען ערנסט די אַנטי־יידישע געזעצן. אין אָקטאָבער 1941 האָט היידריך גענומען אָרגאַניזירן די צווייטע דעפּאָרטאַציע קיין פוילן און אין די נאַצי־אָקופּירטע געגנטן אין רוסלאַנד. די יידן פלעגן באַקומען אַ צוויי־שעהדיקע נאָטיץ זיך צו מעלדן צו דער דעפּאָרטאַציע. געמאַכט איז עס געוואָרן אויף דעם גרוזאַמסטן אופן! צוזאַמענגענעמענדיק גאַנצע קהילות אין די שולן און שולהויפן וואו מען האָט זיי געהאַלטן לאַנגע טעג און וואָכן צומאָל אָן עסן און אַפילו אָן אַ ביסל וואַסער צום טרינקען און דאַן פלעגט מען זיי פאַרלאָדן אין פראַכט־וואַגאָנעס און טראַנספּאָרטירן אונטער אוממענטשלעכע קעלטן און הונגער. טויזנטער זענען אומגעקומען אויף די וועגן און די וועלכע זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ האָבן עס דאָרט אויך נישט לאַנג אויסגעהאַלטן.

אין סלאָוואַקיע איז נאָך ערגער. — דעם 14טן מערץ 1939 איז סלאָוואַקיע געוואָרן אַן „אומאָפּהענגיקע מלוכה” מיט דער הילף פון היטלערן, וועלכער האָט אַ טאָג שפּעטער אָקופּירט די איבעריקע חלקים פון דער רעפּובליק. די דאָזיקע „אומאָפּהענגיקע מלוכה” האָט פאַר דער צייט באַוויזן צו קאָפּירן היטלער־לאַנד אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו יידן. זייער יידן־קאָדעקס, וועלכער אַנטהאַלט 270 פאַרבאָטן, איז איינער פון די גרויזאַמסטע אַנטי־יידישע דאָקומענטן, וועלכע זענען

ווען עס איז געשאַפֿן געוואָרן. די יידן וועכע זענען אין לאַנד אַזוי לאַנג ווי די סלאָוואַקן זענען פֿאַקטיש עלימינירט פֿון לעבן און זייער צאָל ווערט טעגלעך רעדוצירט. דער געלער מגן דוד איז דאָרט איינגעפֿירט געוואָרן אַלס איינער פֿון די ערשטע אַנטי־יידישע מאָסנאַמען. דערביי דאַרף מען נישט פֿאַרגעסן אַז סלאָוואַקיע איז געווען פֿון די פֿאַר־איינצלטע לענדער מיט אַ זייער שוואַכער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג.

## וואָרט מוטיק אויפֿן אונטערגאַנג פֿון נאַציזם!

### פּרעזידענט ד"ר עדוואַרד בענעש און די יידן

פֿון אַלע ניי־געשאַפֿענע אָדער פֿאַרגרעסערטע מלוכות נאָכן ווער־סאַילער פֿרידנס־פֿאַרטראַג, איז טשעכאָסלאָוואַקיע באַטראַכט געוואָרן און איז פֿאַקטיש אויך געווען די אַממייסטן דעמאָקראַטישע. די רעכט פֿון די מינאָריטעטן זענען אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס טויטע אותיות פֿון דער טשעכאָסלאָוואַ־קישער קאָנסטיטוציע, נאָר אַלס פֿירנדיקער פּרינציפּ אין דער אינער־לעכער פּאָליטיק פֿון דער רעפּובליק, הן אונטער די פֿירערשאַפֿט פֿון פּרעזידענט־באַפֿרייער, ט. ג. מאַסאַריק און הן בעת דער פּרעזידענץ פֿון עדוואַרד בענעש. ס'איז בכן נישט פֿאַראַן קיין שום אורזאַך ביי יידן פֿאַר געפֿילן פֿון אומזיכערקייט אין זייער גורל נאָכן אונטערגאַנג פֿון נאַציזם, פֿאַר זייער צוקונפֿטיקן סטאַטוס — מאָראַליש, פּאָליטיש אָדער מאַטעריעל. בעת דאָס יידישע פֿאָלק אויסגעפּרואווט מיט שווערע נסיונות אונטער אַנדערע פֿעלקער און רעזשימען זוכט איצטער צו הערן אַ ניי וואָרט, אַ נייעם אופֿריכטיקן צוזאָג פֿאַר דער צוקונפֿט, זענען די דאָזיקע ווערטער פֿון ד"ר עדוואַרד בענעש נישט מער ווי אַ באַ־שטעטיקונג אַז די צוקונפֿטיקע פּאָליטיק פֿון נייעם טשעכאָסלאָוואַ־קישן שטאַט וועט נישט זיין קיין ערגערע ווי די וועלכע איז געפֿירט געוואָרן ביז דער „מינכעניאַדע". — די געשיכטע פֿון דער טשעכאָ־סלאָוואַקישער רעפּובליק פֿאַר די 20 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ גיט די יידן אַ גוטע גאַראַנטיע פֿאַר דער צוקונפֿט.

אָבער אָפּגעזען דערפֿון, האָט אומצייליקע מאָל דערקלערט ד"ר בענעש, פֿילט זיך די נויטווענדיקייט צו געבן די יידן בכלל און די טשעכאָסלאָוואַקישע יידן בפֿרט, אַ וואָרט פֿון פֿאַרזיכערונג און דער־מונטערונג. און אַזוי האָט ד"ר בענעש אַרויסגעלאָזן זיין באַרימטן רוף צו די יידן „וואָרט מוטיק אויף דעם אונטערגאַנג פֿון נאַציזם" אין וועלכן ער האָט אַן איבעריק מאָל פֿאַרזיכערט, אַז אין דער אמתער

נייער אָרדענונג פֿון אייראָפּע, אין דער פֿאַרבעסערטער אָרדענונג, וועלן יידן געפֿינען רעכט און גערעכטיקייט. אין דער נייער צוקונפֿטיקער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק וועט נישט זיין קיין אַנדערער פּראָג־ראַם ווי דער פֿון טאָמאַס ג. מאַסאַריק, דער ערשטער פּרעזידענט פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק.

און נעמענדיק אַלס ביישפּיל דעם גרויסן אייראָפּעישן דעמאָקראַט און פֿאָטער פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע, וועמענס מאַנטל, אַלס פּרעזידענט, בענעש האָט, אין די לעצטע יאָרן פֿון דער רעפּובליק כשר־פֿאַרדינטער־הייט געטראָגן, קומט ער צום אויספֿיר אַז דער גלויבן אין „רעליגיעזער טאָלעראַנץ" איז מער ווי די בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פֿון דעם דאַזיקן זאַץ. בימי מאַסאַריק, האָט דאָס געהייסן אַלץ וואָס מיר פֿאַרשטייען אונטער פֿרייהייט. רעליגיעזע פֿרייהייט אונטער מאַסאַריקן האָט געמיינט דאָס רעכט פֿאַר יעדן יידן, נישט בלויז דאָס רעכט צו גלויבן אין זיין אייגענער אמונה און תּפֿילה טון וואו ער וויל און ווי אַזוי ער וויל — דאָס איז אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט — רעליגיעזע פֿרייהייט האָט גע־הייסן דאָס רעכט זיך אַנצושליסן אין יעדער קולטורעלער און רעליגיעזער גרופּע אָדער נאַציאָנאַלע מינדערהייט. נישט בלויז האָבן די יידן פֿון סלאָוואַקיע און ספּעציעל פֿון פּאָדקאַרפּאַטסקע־רוס געהאַט דאָס רעכט און פּראַקטיש אויך באַזעסן אַ יידישן און העברעיאישן מלוכהשן שול־סיסטעם, מיט יידישע פּראָגראַמען און יידישן לערער־פּערסאָנאַל, נאָר אויך יידן וועלכע, נאָך זייער שפּראַך זענען געווען טשעכן צו דייטשן האָבן אין זייערע שולן געהאַט אַ פֿולקאָמענעם יידישן פּראָגראַם לויט זייער אויפֿפֿאַסונג.

אין אַנדערע ווערטער; די יידן פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן גע־נאָסן פֿון די פֿולע רעכט וועלכע די טשעכאָסלאָוואַקישע קאָנסטיטוציע האָט פֿאַר זיי פֿאָרגעזען.

נאָך דער ליקווידאַציע פֿון דער „משוגענער נייער אָרדענונג", ווי ד"ר בענעש האָט ליב אָנצורופֿן דעם נאַצי־רעזשים, — אונטער דער אמתער פֿאַרבעסערטער אָרדענונג וועלכע קומט, האָט ד"ר בענעש פֿאַרענדיקט זיין „רוף צו די יידן", האָבן מיר דאָס רעכט צו דערוואַרטן, אַז די געזונטע פּרינציפּן פֿון אמתער גלייכהייט, פֿון יושר און דעמאָ־קראַטיע פֿון דער אַלטער טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלן זיך נאָך מער פֿאַר־טיפֿן און וועלן פֿון דער נייער רעפּובליק מאַכן אַ לעבעדיקן סימבאָל פֿון אַ לעבעדיקער דעמאָקראַטיע.

בענעש האָט ווייטער דערקלערט: „דאָס יידישע פּראָבלעם, האָט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פֿון ווידער־אויפֿבוי, באַשעפֿטיקט

מיינע געדאַנקען אין אַ גלייכער מאָס. עס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ וויכ־טיקן פֿאַקטאָר אין אונזער טעגלעכער אָנשטרענגונג צו פֿאַרזיכערן סאָציאַלע גערעכטיקייט פֿאַר אַלע, אין די ראַמען פֿון נייער פֿאַר־בעסערטער אָרדענונג פֿון די דעמאָקראַטיעס. און מיר וועלן אויף אַ האָר נישט אָפּטרעטן פֿון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען, שאַפֿנדיק די ערשטע טשעכאָסלאָוואַקישע רעפּובליק".

**„די נאַציס האָבן געמאַכט אַ גיהנום פֿון אונזער טשעכאָסלאָ־וואַקישער רעפּובליק, אָבער דאָס איז נאָר אַ פֿאָראיבערגייענדיקער פּעריאָד. די נייע רעפּובליק וועט האָבן דאָס זעלבע פּראָגראַם פֿון דער אַלטער, אַ פּראָגראַם פֿון רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער פֿרייהייט אַזוי ווי עס האָט עס פֿאַרשטאַנען און געפּרעדיקט און דורכגעפֿירט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, דער גרויסער הומאַניטאַר, דעמאָקראַט און אמתער דעמאָקראַטישער פֿירער, פּראָפֿעסאָר טאָמאַס ג. מאַסאַריק".**

* *
*

**נישט לאַנג צוריק האָט דער באַקאַנטער ענגלישער זשורנאַליסט ע. ב. היטשקאָק, אין בוך „דאָס לעבן פֿון עדואַרד בענעש" דערמאָנט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד פֿון ד"ר בענעש'ס קאַריערע, וועלכע האָט אַ גאָר נאָענטן שייכות מיט אונז יידן.**

**דאָס איז געווען בעת די גרויסע טעג פֿון „ווערסאַיל" ווען פּרע־זידענט וואודראָו ווילסאָן האָט אונטערהאַנדלט מיט בענעשן וועגן די מינדערהייטן־פּראַגעס. ווילסאָן האָט אויך ביים אָפּמאַך פֿון טשע־כאָסלאָוואַקיע געוואָלט אַריינשרייבן אַ פּונקט פֿאַרן שוץ פֿון די טשע־כאָסלאָוואַקישע יידן, אַ פּונקט, וועלכן מ'האָט אַריינגעפֿירט אין די אָפּמאַכן מיט רומעניע און אַנדערע לענדער.**

**בענעש האָט צו דעם דאָזיקן פּונקט געזאָגט „ניין"! ניין, האָט בענעש זיך אויפֿגערעגט און דערקלערט:**

„איך וועל נישט דערלויבן אַריינצופֿירן אַזאַ פּונקט אינם אָפּמאַך פֿאַר מאַסאַריקס רעפּובליק. דאָס פֿאָלק פֿון דעם דאָזיקן שטאַט, (טשעכאָסלאָוואַקיע) באַטראַכט דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס די סאַמע אוממענטשלעכסטע באַרבאַרישע אידעאָלאָגיע פֿון אונזער צייט. אַנטיסעמיטיזם וועט אין דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּוב־ליק קיינמאָל נישט דערלויבט ווערן. אונזער לאַנד וועט זיין דער שוץ האַפֿן פֿאַר אַלע אונטערדריקטע מינאָריטעטן, ווער זיי זאָלן נישט זיין, אַריינשרייבן אַ יידן־
מינאָריטעטן, ווער זיי זאָלן נישט זיין, אַריינשרייבן אַ „יידן־

פונקט״ אינם אָפּמאַך מיט אונז וועט באַדייטן אַ באַליידיקונג פֿאַר די אידעאַלן פֿאַר וועלכע מיר האָבן זיך איינגעשטעלט, פֿאַר וועלכע מיר שטעלן זיך איין און וועלן זיך תמיד איינשטעלן. דער דאָזיקער פונקט מוז אַרויס פֿון אונזער אָפּמאַך״.

און מר. היטשקאָק פֿאַרענדיקט: „דער דאָזיקער פונקט איז נישט אַריינגעשריבן געוואָרן אָבער טשעכאָסלאָוואַקיע איז געוואָרן אַן אמתער שוץ־האַפֿן פֿאַר יידן, פֿאַר דער גאַנצער צייט וואָס די רעפּובליק איז באַשטאַנען, ביז ס׳איז געקומען היטלער.

מאַסאַריקס און בענעשס טשעכאָסלאָוואַקיע האָט קיין „יידן־פונקט״ נישט געהאַט, אָבער אין יידן־רייכע פּראָווינצן זענען העברעאיש און יידישע לערן־אַנשטאַלטן געווען מלוכהש אַנערקענט, יידן האָבן פֿאַרנומען די העכסטע פּלעצער אין האַנדל און אינדוסטרי. מלוכהשע פּאָסטנס זענען פֿאַר זיי אָפֿן געשטאַנען אַנגעפֿאַנגען פֿון ראַנג פֿון אַ מיניסטער (וואָס אַ ייד האָט געהאַלטן פֿאַר קנאַפּע 20 יאָר) און פֿאַרענדיקט מיט דער אַרמיי און אַדמיניסטראַציע. — מיר זענען זיכער אַז אַזוי וועט אויך זיין אין טשעכאָסלאָוואַקיע פֿון מאָרגן.

אין זיין ראש השנה באַגריסונג צום יידישן פֿאָלק, היינטיקס יאָר, האָט בענעש זיך אויסגעדריקט אין פֿאָלגנדיקע פֿאַר אים אַזוי כאַראַק־טעריסטישע קורצע און קלאָרע זאַצן:

„איך וואָלט נישט געוואָלט רעדן פֿון די ליידן און ענויים, וועלכע די יידן האָבן אויסצושטיין איבער דער גאָרער וועלט, און ספּעציעל די יעניקע יידן וועלכע געפֿינען זיך אין די לענדער אונטער דער בלוטדורשטיקער הערשאַפֿט פֿון דער אַקסיס. אָט די אַלע פֿאָרמעס פֿון פּיין און יסורים גייען אַריין אין דער גע־שיכטע אַלס דער טרויעריקסטער קאַפּיטל פֿון דער מענטשהייט. דאָס איז אַ מוראדיקע וואָרנונג וואָס ס׳קען ווערן פֿון מענטשלעכע באַשעפֿענישן ווען זיי ווערן באַהערשט פֿון בעסטיאַלישן און מאַטעריאַליסטישן פֿאַנאַטיזם.

„איך וויל אייך ליבער שיקן אַ וואָרט פֿון דערמוטיקונג פֿאַר דער נאָענטער צוקונפֿט.

„לויט אַלע אָנגענומענע גייסטיקע און מאָראַלישע געזעצן, איז עס נישט מעגלעך אַז די מענטשלעכע ווירדע זאָל נאָך ווייטער, פֿאַר אַ לאַנגער צייט אַזוי דעגראַדירט ווערן אַז דער אמת און די גערעכטיקייט זאָלן באַקומען זייערע רעכט. די איצטיקע שרעק־לעכע פּעריאָדע איז נאָר אַ בריק, אַן איבערגאַנג צו אַן אַנדערער, אַ בעסערער צייט, וועלכע וועט ברענגען באַלוינונג פֿאַר די ליידן

און שטראָף פֿאַר די יסורים, וועלכע ס׳זענען זיך אויסגעשטאַנען אומשולדיקע פֿעלקער און ספּעציעל די יידן אונטער דער נאַצישער בעסטיע און זייער בלוטיקער פֿירער.

„מיין ווונש צו אייך יידן איז: האַלט זיך שטאַרק אינם גלויבן אין אַ שנעלן זיגרייכן סוף פֿון דער דאָזיקער פֿינסטערער פּער־יאָדע פֿון מענטשלעכע ליידן. די העכסטע מענטשלעכע ווערטן קענען נאָר זיין צוזאַמען מיט מוט, האָפֿנונג און אָנגעשטרענגטער ערלעכער צוזאַמענאַרבעט".

אויב מ׳וועט אַמאָל עפֿענען די פֿאַרשטויבטע אַרכיוון פֿון פֿעלקער־בונד און פֿון דאָרט אַרויסנעמען די פּעטיציעס און דעמאַרשן פֿון יידישן פֿאָלק, וועט דער נאָמען בענעש פֿאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די געציילטע פֿריינד אונזערע, וועלכע האָבן אונז תמיד אויסגעשטרעקט אַ פֿריינדלעכע האַנט.

## דאָס יידישע פּראָבלעם איז אַ וועלט־פּראָבלעם און וועט מוזן באַהאַנדלט און געלייזט ווערן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ביים פרידנס־טיש

האָט דערקלערט יאַן מאַסאַריק, אויסערן־מיניסטער פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעגירונג.

יאַן מאַסאַריק, דער זון און גייסטיקער יורש פֿון ט. ג. מאַסאַריק, דער פּרעזידענט, באַפֿרייער און פֿאָטער פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק, איז נישט קיין פּנים חדשות צווישן יידן. פֿאַר די לעצטע פֿאַר יאָר האָט יאַן מאַסאַריק נישט פֿאַרבייגעלאָזן קיין שום געלעגנהייט, כּדי אונז צו מאַניפֿעסטירן זיין פֿריינדשאַפֿט, זיין מיטגעפֿיל און זיינע אויפֿריכטיקע פּלענער לגבי דעם יידישן פֿאָלק.

דאָ אין ניו־יאָרק, אָדער בעסער געזאָגט, דאָ אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט קיין שום נישט־יידישער פּאָליטיקער אָדער שטאַטסמאַן פֿון צווישן די גלות־מלוכות, נישט דערגרייכט די פּאָפּולאַריטעט און ליב־שאַפֿט וועלכע מאַסאַריק האָט ביי יידן. מאַסאַריק רעדט צום אַמעריקאַנער עולם בעת אַ „יונייטעד דזשואיש אַפּיל" און מאַסאַריק רעדט צו דער גראַדואַציע פֿייערלעכקייט פֿון ישיבה־קאָלעדזש. ער גיט אַ יידישן זשורנאַליסט אַן אינטערוויאו אָדער ער דערמאָנט דאָס יידישע פּראָב־לעם בעת אַ נישט־יידישער ראַדיאָ־רעדע. אַז מאַסאַריק איז אין טשי־קאַגאָ געפֿינען די דאָרטיקע יידן דעם וועג צו אים, און ווען די יידישע וועלט ווערט אויפֿגעציטערט וועגן דעם גורל פֿון עטלעכע מנינים יידן

אויף אַ „פֿאַרלוירענער שיף״ איז עס ווידער מאַסאַריק וועמען דער ענין רירט אָן ביים האַרצן און ער האָט קיין רו נישט, ביז ער טוט נישט וואָס ער פֿאַרשטייט פֿאַר ריכטיק כּדי די דאָזיקע יידן צו העלפֿן.

אין טשיקאַגאָ האָט מאַסאַריק דערקלערט בעת אַ מאַסן־מיטינג: „די געשיכטע האָט פֿון תּמיד אָן אַרויסגעגעבן אַ נעגאַטיוון פּסק־דין קעגן מאַיאָריטעטן, וועלכע אונטערדריקן די יעניקע וועלכע זענען וויניקער גרויס פֿון זיי אין צאָל...

פֿאַרגלייכנדיק דעם גורל פֿון טשעכישן און יידישן פֿאָלק, האָט מאַסאַריק דערקלערט: „ס׳איז פֿאַראַן אַ גאַר גרויסע ענלעכקייט אין די צוויי טויזנט יאָר פֿון גיהנום־ליידן פֿון יידישן פֿאָלק און אין די טויזנט־יאָריקע ליידן פֿון מיין פֿאָלק. —וואָס שטאַטסמענער האָבן אונז אָנגעטון, און איך גלויב אַז דאָס איז פֿאַרבייגייענדיק און צייטווייליק, האָבן די דייטשן געטון אַ סך פֿריער צום יידישן פֿאָלק און אויך דאָס איז, גלויב איך, פֿאַרבייגייענדיק... עס איז דעריבער נישט מער ווי רעכט אַז איך זאָל אין דעם דאָזיקן לאַנד רעדן פֿאַר יידישע פֿאַרזאַמלונגען...

בעת זיין באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן סוף 1941 און אָנהויב 1942, האָט מאַסאַריק אין אַ לענגערן אינטערוויו מיטן רעדאַקטאָר פֿון „ווידערשטאַנד״ דערקלערט:

— ווי קענען ציוויליזירטע מענטשן רואיק שלאָפֿן, בעת ערגעץ אויף אומבאַקאַנטע ימים טרייבן זיך אַרום שיפֿן מיט הונדערטער טויזנטער אַרויסגעשטויסענע יידן, פֿרויען און קליינע קינער, וועלכע געפֿינען נישט קיין אָרעם ווינקל אויף גאָטס גרויסער און שיינער וועלט.

אַנטיסעמיטיזם איז פּחדנות. — און ווייל מיר האָבן גראָד אָנגעהויבן מיט דער דאָזיקער טרויעריקער טעמע, האָט פֿאָרטגעזעצט דער מיניסטער, טאָ זאָגט די יידן, אַז איך פֿערזענלעך האַלט אַנטיסעמיטיזם פֿאַר דער נידעריקסטער סאָרט פּחדנות און געמיינהייט. זעט איר, האָט ער צוגעגעבן שמייכלענדיק, ווען איר יידן וואָלט געווען אַ פֿאָלק פֿון לאָמיר זאָגן, 300 מיליאָן און מיר, גוים אויך אַזוי גרויס, וואָלט עס אפֿשר געווען דזשענטלמעניש צו זיין אַן אַנטיסעמיט. אָבער ביים איצטיקן צושטאַנד, וואו עס זענען אויף דער וועלט פֿאַראַן 2 ביליאָן גוים און אַ הייפֿל פֿון 18 צי אַפֿילו 20 מיליאָן יידן, איז אַנטיסעמיטיזם אַ ביליקע פּחדנות (ער האָט באַנוצט צוערשט דאָס פֿראַנצויזישע וואָרט „לאַש״ און עס גלייך איבערגעזעצט מיטן ענגלישן וואָרט „קאָוואַרד״).

דאָס יידישע פּראָבלעם אַ טייל פֿון מיין אייגענער עקזיסטענץ

אויף דער פֿראַגע: — ווי שטעלט איר זיך פֿאָר, הער מיניסטער,

די לייזונג פון דער יידן־פראַגע אין דער נאָך־מלחמהדיקער אייראָפּע? ווי אַזוי, הער מיניסטער, וועט מען לייזן די פּראָבלעמען פון אייגענע אויסגעוואָרצלטע און האַלב אָדער גאַנץ דערשלאָגענע מיליאָנען יידן, וועלכע זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע היימען, פּאָזיציעס און פּרנסות, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקן פון חורבן פּוילן.

האָט דער מיניסטער קיין רגע נישט געטראַכט, אַקוראַט ווי ער וואָלט שוין געהאַט דעם ענטפער נאָך איידער איך האָב געשטעלט די פראַגע, און דערקלערט:

—עס עקזיסטירט נישט קיין אָפּגעטיילט יידיש פּראָבלעם אַליין, נישטאָ קיין צוויי פּראָבלעמען: אַ יידישס און אַן ענגלישס, אָדער אַ יידישס און אַ טשעכישס, צי אַ יידיש און אַ פּויליש פּראָבלעם אָפּגעטיילט איינס פונעם אַנדערן אָדער אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע וועלט־פּראָבלעמען. דאָס יידישע פּראָבלעם איז אַן אומאָפּטיילבאַרער חלק פון מיין אייגענער עקזיסטענץ, אַ טייל פון אַלע אַנדערע פּראָבלעמען, וועלכע איך מוז לייזן. און די פעלקער פון די וועלט, בתוכם אויך די יידן, וועלן ביים גרינעם טיש פון דער שלום־קאָנפערענץ מוזן ערנסט און יושרדיק באַהאַנדלען די יידן־פראַגע אַלס אַ טייל פון אַלע אַנדערע פראַגן, וועלכע די דאָזיקע קאָנפערענץ וועט האָבן צו לייזן אין אַ וועלט־פאַרנעם.

עס איז אונזער מאָראַלישער חוב פאַר גאָט און פאַר דער געשיכטע

„עס איז דער מאָראַלישער חוב פון אַלע פעלקער, אַ פאַרפליכטונג פאַר גאָט, פאַר דער געשיכטע און פאַר אַלע קומענדיקע דורות אַרויפצוברענגען אויפן טיש דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, ווען די פעלקער וועלן זיך ווידער פאַרזאַמלען, כדי פריי צו דיסקוטירן אַלע אַנדערע וועלט־פּראָבלעמען, און מיט יושר עס באַהאַנדלען, ווי אַ טייל פון זייערע אייגענע זאַכן — ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטן שותף, וועמעס צרות און פרייד אַלע טיילן.

די „מינכעניאַדע״ האָט באַוויזן, אַז עס איז נישטאָ קיין טייל־לייזונגען אין דער געשיכטע פון אַן איינצל־פאָלק צי פון אַ גאנצער וועלט.—אויך אין אייערע יידישע רייען, האָט דער מיניסטער צוגעגעבן, האָבן ווייטע קרייזן נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז דאָס יידישע פּראָבלעם דאַרף באַהאַנדלט ווערן אַלס אַן אייגנס נישט פאַר יידן, נאָר פאַר דער וועלט, אַז דאָס יידישע פּראָבלעם קאָן און טאָר נישט אָפּגעטיילט ווערן און באַהאַנדלט ווערן ווי עפּעס אַן עקזאָטישע אָנגעלעגנהייט, מיט וועלכער יעדע נאַציע פאַרטיקט זיך אָפּ אויף איר אייגענעם אופן און קיינער טאָר איר דערין קיין דעה נישט זאָגן. שלאָגסטו מיינע יידן, שלאָג איך דיינע . . . און שלאָג איך מיינע אייגענע

יידן, איז עס קיינעמס עסק נישט. — היטלער האָט עס זיי באַוויזן. די נאַציס האָבן אויף די רוקנס פֿון די יידן אויסגעשפּילט זייערע ערשטע קאָרטן, אויסגעשפּילט און געוואונען. און לאַנגזאַם, אַביסל צו פּאַוואָליע, האָט די וועלט אָנגעהויבן צו באַגרייפֿן, אַז נישט נאָר איז דאָס יידישע פּראָבלעם אַ וועלט־פּראָבלעם, נאָר עס איז מער ווי דאָס, עס איז אַ באַראָמעטער פֿאַר אַ גאַנצע ריי זאַכן און געשעענישן, וועלכע קומען אַלס פּועל־יוצא דערפֿון.

און צום סוף איז געקומען דער שאַנד־אָפּמאַך פֿון מינכן, אין סעפּטעמבער 1938, בעת וועלכן די אַזוי־גערופֿענע שטאַרקע און גרויסע פֿון אונזער וועלט האָבן געפּרוואווט לייזן דאָס פּראָבלעם פֿון אַ פֿאָלק און נישט פֿרעגן ביי אים קיין דעה. און די רעזולטאַטן האָבן נישט לאַנג געלאָזן אויף זיך וואַרטן. אַלע ווייסן היינט, וואָס די וועלט האָט געקאָסט מינכען.

* *
*

איך וואָרן פֿייערלעך. — אין איינע פֿון זיינע וועכנטלעכע ראַדיאָ רעדעס האָט יאַן מאַסאַריק, רעדנדיק וועגן דער יידישער לאַגע אין סלאָוואַקיע, דערקלערט: אַז די לעצטע מאָומדיקע אַנטי יידישע מער־דערייען פֿון היטלערן זענען דער בולטסטער סימן פֿון זיין נאָענטער מפּלה. מאַסאַריק האָט קאָנסטאַטירט, אַז טשעכן און סלאָוואַקן טוען אַלץ וואָס זיי קענען כּדי צו פֿאַרלייכטערן זייער שווער געטראָפֿענע יידישע מיטבירגערס גורל. און דאַן זיך ווענדנדיק צו די סלאָוואַקישע „קוויז־לינג־הערשער" האָט ער מיט כּעס דערקלערט:

„אייער לעכערלעכע רעגירונג האָט די חוצפּה זיך צו באַרימען אַז זי האָט געלייזט די יידן פֿראַגע אויף דעם בעסטן אופֿן. ביי אייך זענען אויך פֿאַראַן זשורנאַליסטן, וועלכע שרייבן ליגנערישע אַרטיקלען אין וועלכע זיי באַשרייבן ווי צופֿרידן עס לעבט זיך סלאָוואַקישע יידן אין פּוילן. דאָס איז עקלהאַפֿטער ציניזם, וועלכער שרייט צום הימל! איך וואָרן פֿייערלעך יעדן איינצלנעם סלאָוואַק וועלכער אונטערשטיצט די דאָזיקע בעסטיאַליטעט פֿון אַוועקשיקן אונזערע יידישע בירגער קיין פּוילן אויף אַ זיכערן טויט! עס זענען אויך פֿאַראַן אַזוי־גערופֿענע סלאָוואַקן וועלכע באַרייכערן זיך מיט די געגנבֿעטע פֿאַרמעגנס פֿון די יידישע מאַרטירערס. די אַליאירטע וועלן געווינען די מלחמה און די דאָזיקע רויבערייען וועלן געמשפּט ווערן אין קריגס־געריכטן, וועלכע האָבן דערפֿאַר נאָר איין פּסק־דין: טויט!

„טויזנטער יידן שטאַרבן היינט — אין דעם סאַמע מאָמענט צוי־

טערנדיק פֿון קעלט, באַהאַנדלט ערגער ווי בעסטיעס, ביז זייער לעצטן אָטעם אונטערן מעסער פֿון דעם אַנטי־קריסט, דעם דייטש. אין די צייטן אין וועלכע מיר לעבן איז דער מינדעסטער שפּור פֿון אַנטיסעמיטיזם נאָר אַ סימן פֿון שאַנדהאַפֿטער, און עקלהאַפֿטער פּחדנות. אויב ס׳איז אמת וואָס היטלער האָט געזאָגט, אַז די „גרויסע דייטשע נאַציע" האָט נאָך אַלץ מורא פֿאַר די איבערגעבליבענע יידן, דאַן איז דאָס אַ שרעקלעכע צייגניש פֿאַר מיאוסע מערדער. און אויב די דאָזיקע סאַדיסטישע אַקטן דורך אַ פֿאָלק וואָס רופֿט זיך סלאָוואַקן און קאַטאָליקן, דאַן ווייסן זיי אויך וואָס דאָס הייסט ווען דער טאָג פֿון משפּט וועט קומען, די סלאָוואַקן וואָס טאַנצן מיט, האָבן שוין אָנגעשריבן זייער פּסק־דין".

## דער געלער מגן דוד איז אַן ערן־צייכן

ראַדיאָ־רעדע פֿון ד״ר הובערט ריפּקאַ, וויצע אויסערן־מיניסטער פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער גלות־רעגירונג

היטלער האָט בכן געצוואונגען אויך די יידן פֿון אונזער לאַנד צו טראָגן דעם געלן שאַנד־צייכן, אויסטייטלנדיק זיי פֿון דער איבעריקער באַפֿעלקערונג כּדי צו דערלייכטערן די „אַרבעט" פֿאַר דער ברוינער באַנדע פֿון דייטשלאַנד, פֿאַר די היימישע פֿאַשיסטן פֿון דער „וואָליקאַ" און פֿאַר דער סלאָוואַקישער „רעגירונג" בעסער אויסצושפּילן זייערע מערדערישע אינסטינקטן אויף הילפֿלאָזע, לייכט דערקענבאַרע יידן.

„עס איז, פֿאַר די דאָזיקע באַרבאַרן נישט גענוג געווען דאָס אויס־ראַבעווען פֿון יידיש האָב און גוטס, ווייניק איז פֿאַר זיי דער פּערמאַ־נענטער צושטאַנד פֿון סאַדיסטישע ענויים פֿאַר יידן, ניין! איבער דעם אַלעם האָבן זיי די יידן געגעבן אַן „אָפּצייכן" לויט וועלכן יעדער פֿון די רוצחים איז בכוח זיי צו יעדער צייט אויסצוטיילן פֿון אַלע אַנדערע, צו יעדער צייט אומשטאַנד צו דערקענען אַ יידישן מאַן אָדער פֿרוי כּדי זיי צו דערנידעריקן און באַליידיקן.

„אָט דאָס וועט פֿאַרבלייבן אַן אייביקער שאַנד־צייכן, אַ שוידער־לעכע חרפּה אויפֿן גאַנצן דייטשן פֿאָלק, וועלכעס האָט זיך דערלויבט צו דערגיין אַזוי נידעריק אין זיין מאָנסטערהאַפֿטן אַנטיסעמיטישן וואַנזין, וועלכעס האָט זיך דערלויבט געזעצן אומפֿאַרשטעלבאַרע פֿאַר דער פֿאַנטאַזיע פֿון אַ מאַניאַק, געזעצן אונטער וועלכע עס שמאַכטן די מיליאָנען יידן פֿון אומגליקלעכן אייראָפּע. — דאָס, מיינע פֿריינד, איז דער בולטסטער אויסדרוק פֿון די מינדערווערטיקייטס־געפֿילן, וועלכע באַהערשן דאָס גאַנצע דייטשע פֿאָלק. ווייל נאָר די יעניקע, וועלכע

פֿאַרמאָגן נישט גענוג פֿאַרטרויען אין זיך אַליין האָבן עס נויטיק זיך אַליין צו דערהויבן אין די אייגענע אויגן און אין די אויגן פֿון דער אַרומיקער וועלט, כּדי אונטערצושטרייכן די אייגענע נישטיקע וויכטיקייט.

„היטלער האָט, פֿון זינט ער איז אויפֿגעשטאַנען צו דער מאַכט, קיינמאָל נישט צוריקגעשראָקן פֿאַר קיין שום מיטל, ביז די סאַמע נידריקסטע און פּערווערזעסטע מעטאָדן מיט וועלכע ער האָט, נאַטירלעך געהאַט אַ זייער לייכטע אַרבעט ביים דייטשן פֿאָלק. אָבער פֿון אַלע זיינע געמיינהייטן בלייבט די נידעריקסטע די ראַסן־דאָקטרינע, וועלכע איז דאָך איינע פֿון די יסודות פֿון דער נייער אָרדענונג. און, אויספֿירן טוט ער עס נאָך תּמיד אין דער נידערטרעכטיקער אַרט פֿון דער ווינער אונטערוועלט אין וועלכער ער האָט זיך דאָך אַ צייט געהאָדעוועט און איינגעזויגן אין זיך אירע „געזעצן”.

מיר גייען אַזוי ווייט צוריק ווי די עלילת־דם־אַפּערע פֿון הילזנער, ביים סוף פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט, אין אַלטן עסטרייך־אונגאַרן, בעת וועלכער דער דעמאָלט יונגער מאַסאַריק האָט נאָך לאַנג פֿאַר עמיל זאָלאָס „איך באַשולדיק” דערהויבן זיין שטים קעגן דעם אַלטן אַנטי־סעמיטישן וואָפֿן פֿון עלילת־דם. און אַ דאַנק דעם דאָזיקן אַרויסטריט האָט די טשעכישע אינטעליגענץ אַזוי גוט ווי דאָס טשעכישע פֿאָלק זיך ענדגילטיק אָפּגעקערט פֿון אַנטיסעמיטיזם, וועלכן די דאָזיקע אַפּערע האָט געדאַרפֿט צעבלאָזן. און דאָס איז געווען דער אָנהויב פֿון מאַסאַריקס גייסטיקער פֿירערשאַפֿט פֿון אונזער פֿאָלק.

שוין צו יענער צייט האָט עס זיך ביי אונז טשעכן אויסקריסטאַליזירט, אַז אַ גוטער ייד איז אויך אַ גוטער פּאַטריאָט און אַ גוטער בירגער.

מיר דאָ אין אויסלאַנד זענען אויסגעצייכנט אינפֿאָרמירט וועגן אַלץ וואָס ס'טוט זיך אין דער היים. דעריבער ווייסן מיר אויך גענוי ווי אַזוי יעדער פֿון אייך פֿאַרהאַלט זיך אָדער האָט זיך פֿאַרהאַלטן צו די יידן. און מיר זענען שטאָלץ אָנצוזאָגן דער ציוויליזירטער וועלט, אַז אונזער פֿאָלק פֿירט זיך אויף לגבי די אומגליקלעכע יידן מיט קריסטלעכער סימפּאַטיע און מיט טיף מענטשלעכער פֿאַרשטענדעניש צו זייער אומברחמנותדיקן גורל.

מיר זענען גליקלעך, וואָס נאָר אַ גאַנץ אומבאַדייטנד קליינער הייפֿל טשעכן און סלאָוואַקן האָבן פֿאַרקויפֿט זייער נשמה צום טייוול און טוען די תּליינישע אַרבעט פֿון זייערע בעלי־בתּים, די נאַציס.

טשעכאָסלאָוואַקישע יידן! מיר האָבן אייך אין זינען, מיר געדענקען אייך אין די דאָזיקע טעג מיט אויפֿריכטיקער סימפּאַטיע; מיר קענען

אייערע ליידן, מיר זאַמלען פֿאַרזיכטיק און אויפֿמערקזאַם אַלע פֿאַקטן פֿון אייערע עינויים, מיר נאָטירן די פֿאַרפֿאָלגונגען און גרושים, מיר פֿירן אַ ליסטע פֿון די מענטשן־חיות, וועלכע טרייבן אייך פֿון אייערע היימען, מיר ווייסן פֿון די געטאָס, תּפֿיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין וועלכע מען פֿאַרפּייניקט אייך, מיר ווייסן, וואָס עס טוט זיך אין די אַזויגערופֿענע „אַרבעטסלאַגערן" אין נעמעצקי בראַד, און פֿון די אומבאַשרייבלעכע גרויזאַמקייטן אין דער פֿעסטונג פֿון טערעזין, אין געטאָ־לאַגער הינטער כאַצען און איבעראַל וואו מען פֿאַריאָגט אייערע קינדער, זקנים און קראַנקע לייט. מיר ווייסן פֿון די 12 שעהדיקע אַרבעטסטעג נאָך וועלכע מ'גיט אייך אַפֿילו נישט גענוג פֿון דעם עקלהאַפֿטן מאַטעריאַל, וואָס זיי רופֿן אָן עסן. מיר ווייסן פֿון די אוממענטשלעכע דירות אין וועלכע מען פּאַקט אייך אַריין ווי חיות. מיר ווייסן, וואָס פֿאַר אַ מין אַרבעט עס האָבן פֿאַר אייך צוגעגרייט די פֿאַרברעכערישע מי־ניסטאָרן פֿון סלאָוואַקיע, טוקאַ און מאַך. מיר נאָטירן די רויבערייען, וועלכע די אַזויגערופֿענע רעגירונג פֿון סלאָוואַקיע האָט אויסגעפֿירט איבערן גאַנצן יידישן האָב און גוטס פֿון דעם דאָזיקן אומגליקלעכן לאַנד. מיר ווייסן פֿון די מאַסן־גירושים פֿון בראַטיסלאַוואַ און אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין סלאָוואַקיע. מיר ווייסן פֿון די בעסטיאַלישע עינויים, וואָס מ'טוט דאָרט אָן די פֿאַרטריבענע, לאָזנדיק זיי גאַנצע וואָכן און חדשים אויף אָפֿענע פֿעלדער אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אויסגייענדיק פֿון קעלט און הונגער.

מיר ווייסן דאָס אַלץ ביזן לעצטן פּרט. מיר קענען אייך, ליידער, אין איצטיקן מאָמענט, נישט העלפֿן, — אָבער מיר שרייען אויס אייערע ליידן צו דער נאָך פֿריי געבליבענער ציוויליזירטער וועלט און מיר פֿאַרזיכערן אייך פֿייערלעך, אַז אייערע ליידן און פּיין וועלן נישט פֿאַרגעסן ווערן!

היינט ווילן זיי אייך אויסטיילן פֿון דער אַרומיקער וועלט דורך אַ שאַנד־צייכן. אָבער דער געלער מגן־דוד איז אַן ערן־צייכן, וועלכן יעדער געאַכטעטער מענטש אין אונזער לאַנד וועט זיכער רעספּעקטירן.

איך וויל אייך דאָ נאָך דערמאָנען דעם פֿאַל פֿון דעם פֿון יידן שטאַמענדיקן באַרימטן קאַטוילישן שרייבער אַלפֿרעד פֿוקס, וועמען די נאַציס האָבן צום טויט פֿאַרפּייניקט. אין זיינע לעצטע טעג האָט ער פֿייערלעך דערקלערט: „אויב די דייטשן וועלן פֿון מיר פֿאַרלאַנגען איך זאָל טראָגן דעם געלן מגן דוד, דאַן וועל איך אים מיט שטאָלץ אויפֿהענגען נעבן דעם העכסטן פּויבסטלעכן אָרדן מיט וועלכן איך בין אויסגעצייכנט.

יידישע פֿריינד! פֿאַרבאַהאַלט נישט אייער יידישקייט, זייט שטאָלץ דערמיט! נישט פֿאַראַן קיין זאַך, וואָס טיילט אייך אָפּ פֿון אַלע מענטשן, וועלכע זענען ווירדיק צו טראָגן דעם נאָמען מענטש. אַ מענטש קען נאָר כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס מענטשלעך ווערטפֿול אָדער מענטשלעך מינדערווערטיק.

זאָל אייער גלויבן אין נצחון פֿון גערעכטיקייט געשטאַרקט ווערן אין די דאָזיקע טעג פֿון אייער ביטערן גורל און נסיון. ביי היינטיקן טאָג איז אונזער זיג שוין אַ זיכערער און נישט ערגעץ אין דער ווייטער צוקונפֿט.

איר וועט עס איבגיכן דערלעבן צו זען דעם טאָג פֿון נצחון, באַ־פֿרייאונג, פֿאַרגעלטונג און באַלוינונג!

# דענעמאַרק

*Denmark*

## דענעמאַרק דאָס לאַנד פון בירגערלעכן שטאָלץ

דענעמאַרק געפינט זיך אין אַן אייגנאַרטיקער לאַגע. קיין דענישע גלות־רעגירונג איז נישט פאַראַן אָבער דאָך אָנערקענט מען דענע־מאַרק אַלס איינע פון די "פאַראייניקטע פעלקער". דענישע יידן גע־פינען זיך אין אַ מאָדנער סיטואַציע. אמת היטלער האָט באַזעצט דאָס לאַנד, אָבער די דענישע רעגירונג האָט קיין היטלעריסטישע יידן־געזעצן נישט אָנגענומען און דער קעניג האָט ריזיקירט מיט זיין טראָן בעת די פאַרדייטשטע משרתים האָבן איינגעלייגט וועלטן, כדי אַרויפצוצווינגען אויף די דענישע יידן דעם געלן מגן־דוד. — דער קעניג האָט דעמאָלט דערקלערט אַז דער ערשטער וועט ער אַליין אָנטון די געלע לאַטע און דאָס פאָלק וועט אים נאָכטון.

דאָס דענישע פאָלק האָט געגעבן אַ ביישפיל פון ציווילן קוראַזש. — די לעצטע וואַלן צום דענישן פאַרלאַמענט, נאָך די דריי יאָר פון היטלעריסטישער אָקופּאַציע, האָבן זיי נישט בלויז אויסגעוויילט אַ דעמאָקראַטישע פאָלקס־פאַרטרעטונג, נאָר אויך געשיקט אין פאַר־לאַמענט אַריין 3 יידן. ווען מען באַרעכנט, אַז אין גאַנץ דענעמאַרק זענען אינגאַנצן פאַראַן אַ וואָסערע 16,000 יידן, אַ צאָל וועלכע באַ־רעכטיקט נישט צו קיין איינציקן מיטגליד אין פאַרלאַמענט איז פאַר איינעם קלאָר, וואָס פאַר אַ שטעלונג דאָס דענישע פאָלק האָט לגבי אונז.

די דענישע קירכן קעגן אַנטיסעמיטיזם. — פון די 9 בישאָפן, וועלכע דענעמאַרק האָט, האָבן 8 געצייכנט אַ פּראָטעסט צום דענישן יוסטיץ־מיניסטער קעגן דעם „אימפּאָרטירטן אַנטיסעמיטיזם" און צו דער זעלבער צייט, אין פּאַסחאַ 1943, אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּאַניע איבערן לאַנד, אין וועלכער די גאַנצע קירך נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל.

דאָס דענישע געריכט באַהאַנדלט יעדן פאַל פון באַ־ליידיקן אַ יידן אָדער די יידן, אויפן שטרענגסטן אופן, הונדערטער ביישפילן ליגן פאַר אונז דאָ וואו דענער האָבן געמוזט אָפּזיצן תּפיסה־שטראָפן פאַר באַליידיקן יידן.

עטלעכע אַנדערע אילוסטראַציעס. — ווי אַזוי אַ פאָלק קען זיך אויפפירן ווען עס באַזיצט גענוג קוראַזש, קענען דינען די פאָלגנדיקע דריי קורצע פאַקטן:

# א

פֿאַראַיאָרן זענען געוואָרן 100 יאָר זינט בראַנדייס איז געבוירן געוואָרן. דענעמאַרק און אַלע אַנדערע סקאַנדינאַווישע פֿעלקער, האָבן, פֿאַרשטייט זיך געוואָלט פֿייערן דעם דאָזיקן יובילעאום אַלס אָנדענק פֿון אַ גרויסן מענטשן און ליטעראַט און אויך אַלס דערמוטיקונג פֿון דער סקאַנדינאַווישער ליטעראַטור. בראַנדייס איז אָבער געווען אַ ייד מיטן נאָמען קאָהען און ווי אַזוי וועלן עס די נאַציס דערלויבן די פֿייערונג פֿון אַ ייד? דער שטילער באַפֿעל איז דעריבער אַרויס, אַז בראַנדייסעס יובילעאום טאָר נישט געפֿייערט ווערן.

אַלס ענטפֿער אויף דעם דאָזיקן „אוקאַז" האָט אין דער קאָפּענהאַגענער אוניווערזיטעט זיך פֿאַרזאַמלט די בעסטע אינטעליגענץ פֿון דענעמאַרק צוזאַמען מיט אַלע סטודענטן און פּראָפֿעסאָרן. עס איז גע־פֿייערט געוואָרן בראַנדייסעס יובילעאום מיט אַ פֿייערלעכקייט וואָס איז קיינמאָל פֿריִער נישט געווען באַקאַנט.מען האָט געפֿייערט דעם אָנדענק פֿון בראַנדייס, נישט נאָר דעם ליטעראַט, נאָר אויך דעם ייד. דענישע יידן זענען געקומען אין מאַסן צו דער פֿייערונג טראָגנדיק מגן־דודס. מען האָט גערעדט וועגן דעם יידישן בייטראַג צו דער סקאַנדינאַווישער און אייראָפּעאישער קולטור. די פֿייערונג איז פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ דעמאָנסטראַציע פֿאַר יידן.

און דאָס אַלץ אין דער צייט ווען די נאַציס זענען די אָקופּאַנטן און אמתע הערשער פֿון לאַנד, ווען יעדער פֿריינדלעך וואָרט אָדער דעמאָנסטראַציע פֿאַר יידן איז גענוג צו פֿאַרמשפּטען אַ דענער און סקאַנדינאַווער צו פֿאַרפֿאָלגונג, קאָנצענטראַציע־לאַגער און טויט.

# ב

אין דענעמאַרק זענען פֿאַראַן בלויז ביז צען טויזנט יידן אײַנ־־שליסדיק פּליטים. אַפֿילו פֿאַר דער צאָל יידן האָט היטלער גע־פֿאָדערט איינצופֿירן די נירנבערג געזעצן, די „אַרישע" געזעצן און אַלע אַנדערע ראַסישע דיסקרימינאַציעס. אַ פּראָיעקט איז פֿון די נאַצישע קוויזלינגס אַריינגעבראַכט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, און ווי דער שטייגער איז אין נאַצי־אָקופּירטע לענדער, האָט מען דעם פּראָיעקט קעגן דעם ווילן פֿון פּאַרלאַמענט, דורכגעפֿירט. עס האָט געהאַלטן ביים ווערן אַ געזעץ.

אין דעם דאָזיקן מאָמענט, האָט דער קעניג פֿון דענעמאַרק געלאָזט וויסן די נאַציס, אַז אויב דער שענדלעכער געזעץ וועט איינגעפֿירט ווערן אין דענעמאַרק אָן דער אמתער צושטימונג פֿון פּאַרלאַמענט

וועט ער אַבדיקירן פֿון זיין טראָן. דעם קעניגס זון, דער קרוינפּרינץ, האָט זיך פֿאַראייניקט מיטן פֿאָטער און די נאַציס זענען געבליבן שטיין פֿאַר אַן אולטימאַטום: אָדער די איינפֿירונג פֿון די נירנבערגער געזעצן, אָדער דענעמאַרק בלייבט אָן אַ קעניג. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פֿון די אַנטי־יידישע געזעצן.

## ג

נאָך די צוויי גרויסע איבנדערמאָנטע מפּלות, האָבן די נאַציס אַריינגעבראַכט אין דענישן פּאַרלאַמענט אַ פֿאָרשלאַג, אַז מען זאָל די יידישע פּליטים אין לאַנד שטעלן אונטער דער קאָנטראָל פֿון דער פּאָליציי. מיט דעם פֿאָרשלאַג האָבן די נאַציס געוואָלט אַריינ־קריגן אין זייער מאַכט עטלעכע טויזנט יידישע פּליטים און מיט זיי טון וואָס זיי טוען מיט יידן אומעטום באַראַבעווען, פֿאַרשקלאַפּן און שפּעטער אויסמאָרדן.

די דענער האָבן פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון דעם געזעץ. און זיי האָבן אים אויסגעבעסערט אַזוי„ אַז אַלע, דאָס מיינט פֿאַרשטייט זיך אויך די אויסלענדער אין דענעמאַרק (און דייטשן), זאָלן געשטעלט ווער אונטער דער פּאָליציייאישער השגחה, וואָס מען וועט טון צו יידן, וועט מען, הייסט עס, דאַרפֿן טון אויך צו די דייטשן...

מיר ברענגען דעריבער נישט קיין שום אָפֿיציעלע דערקלערונגען פֿון דענעמאַרק — די האַלטונג פֿון דענישן קעניג און פֿון גאַנצן פֿאָלק לגבי אונז בעת זיי אַליין געפֿינען זיך אונטערן דייטשן שטיוול, גיט אונז די שענסטע גאַראַנטיע פֿאַר אַ הערלעכער צוקונפֿט פֿאַר יידן אין דענעמאַרק צומאָרגנס נאָכן זיג.

## פראַנקרייך

*France*

## פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט

פונקט אַזוי ווי גענעראַל דע גאָל, אין זיין ערשטן קול קורא צו פראַנקרייך, פילן מיר, אַז ווען אַפילו „צופעליקע מושלים" אָדער שלעכט־אָריענטירטע גענעראַלן פרובירן פאַר אַ צייט צו געבן פראַנקרייך אַ פאַלשע דירעקציע ווערט דאָס אייביקע פראַנקרייך, דאָס צווייטע פאָטערלאַנד פון יעדן ציוויליזירטן מענטשן, תמיד פאַר אונז יידן בלייבן דאָס לאַנד פון פרייהייט און ברידערלעכקייט.

גענעראַל דע גאָל האָט עס אונז עטלעכע מאָל באַשטעטיקט.

אַ משיח איז אויפגעשטאַנען פאַר פראַנקרייך. — צומאָרגנס נאָך דער שענדלעכער אַבדיקאַציע פון פעטען און זיינע משרתים איז אויפגעשטאַנען אַ משיח פאַר פראַנקרייך אין דער פערזענלעכקייט פון שאַרל דע גאָל און זיינע נאָכפאָלגערס, וועלכע האָבן נישט בלויז אַראָפגעוואָשן דעם שאַנד־פלעק פונם פרייסטן לאַנד אין אייראָפּע, נאָר וועלן איר אויך צוריקגעווינען איר פלאַץ ביים אויבנאָן פון דער פעלקער־משפחה אין אַ באַנייטער פרייערער וועלט. שאַרל דע גאָל ווערט דער וועלט צוריקגעבן אַ פריי פראַנקרייך.

גענעראַל דע גאָל׳ס היסטאָרישע פראָקלאַמאַציע

### צו אַלע פראַנצויזן!

פראַנקרייך האָט פאַרלוירן אַ שלאַכט!
אָבער פראַנקרייך האָט נישט פאַרלוירן די מלחמה!

„צופעליקע מושלים האָבן געקענט קאַפּיטולירן, נאָכגעבנדיק זייער פּאַנישע שטימונג, פאַרגעסנדיק די ערע, אויסליפערנדיק דאָס לאַנד צו שקלאַפעריי. אָבער נישט קוקענדיק דערויף איז גאָרנישט פאַרלוירן.

„קיין זאַך איז נישט פאַרלוירן ווייל די דאָזיקע מלחמה איז אַ וועלט־מלחמה. אין דער פרייער וועלט האָבן די פרייע כוחות נאָך נישט נאָכגעגעבן און אין איין טאָג וועלן די דאָזיקע כוחות צעטרעטן דעם שונא! און אין דעם טאָג מוז פראַנקרייך זיין אָנוועזנדיק פאַרן נצחון. אין יענעם טאָג ווערט פראַנקרייך ווידער געווינען איר פרייהייט און איר גדולה. אָט אָ דאָס איז מיין ציל, מיין איינציקער ציל!

**„אַט פֿאַרוואָס איך רוף אַלע פֿראַנצויזן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפֿינען, זיך צו פֿאַראייניקן אַרום מיר אין מעשים, אין קרבנות און אין האָפֿנונג.**

אונזער פֿאָטערלאַנד איז אין טויטלעכער סכנה.
לאָמיר קעמפֿן פֿאַר דער באַפֿרייאונג!
זאָל לעבן פֿראַנקרייך!

(—) גענעראַל שאַרל דע גאָל.

# אינם טאָג פֿון נצחון

**דער צוזאַמענברוך פֿון פֿראַנקרייך איז פֿאָרגעקומען אַרום מיטן פֿון חודש יוני, דער אַזויגערופֿענער „וואָפֿן־שטילשטאַנד" דעם 22־טן יוני און שוין אָנפֿאַנג אויגוסט פֿון זעלבן יאָר 1940, האָט גענעראַל דע גאָל געשריבן צום יידישן וועלט־קאָנגרעס:**

„אינם טאָג פֿון נצחון, אין וועלכן איך האָב פֿולן גלויבן, וועט דאָס באַפֿרייטע פֿראַנקרייך צוריק איינפֿירן גערעכטיקייט פֿאַר אַלע די יעניקע, וועלכע ליידן און ווערן אומגערעכט באַהאַנדלט דורכן היטלעריסטישן רעזשים, צווישן זיי אויך די יידישע קהילות, די אומגליקלעכסטע קרבנות פֿון דער דייטשער אונטערדריקונג, פֿון אומטאָלעראַנץ און פֿאַרפֿאָלגונג.

**אָבער דאָס איז נישט די איינציקע דערקלערונג פֿון קעמפֿנדיקן פֿראַנקרייך לגבי אונז יידן. צום טאָג פֿון וואָפֿן־שטילשטאַנד פֿון אַליאירטן נצחון פֿון 1918, דעם 11־טן נאָוועמבער 1940, האָט גענעראַל דע גאָל דערקלערט צו די יידישע פֿאַרטרעטער:**

„איך פֿאַרזיכער אייך, אַז פּונקט ווי מיר האָבן צוריקגעוויזן אַלץ וואָס ס'איז געטון געוואָרן אין פֿראַנקרייכס נאָמען פֿון זינט דעם שענדלעכן וואָפֿן־שטילשטאַנד, אַזוי וועלן מיר אויך צוריק די נאַריש אומזיניקע און גרויזאַמע אַנטי־יידישע דעקרעטן.

„די דאָזיקע געזעצן וועלן נישט קיין קלענערער קלאַפּ פֿאַר פֿראַנקרייכס כּבוד ווי אַן אומגערעכטיקייט לגבי אירע יידישע בירגער.

„נאָך אונזער נצחון וועלן גוט געמאַכט ווערן, נישט בלויז די אומגערעכטיקייטן, וועלכע זענען באַגאַנגען געוואָרן אין פֿראַנקרייך, נאָר פֿראַנקרייך וועט אויך ווידער אַמאָל פֿאַרנעמען איר טראַדיציאָנעלע פּאָזיציע פֿון אַ פֿאַרקעמפֿערקע פֿאַר פֿרייהייט און גערעכטיקייט פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אָן שום חילוק פֿון ראַסע אָדער גלויבן".

**דעם 7־טן מאַי 1941 האָט דער הויפּט־קוואַרטיר פֿון גענעראַל**

דע גאָל אַרויסגעגעבן אַ פֿאָרמעלע דערקלערונג צוריקווייזנדיק אַלע אַנטי־יידישע געזעצן, צוזאַמען מיט אַ פֿאַרפּליכטונג פֿאַר דער ווידער איינפֿירונג פֿון גלייכבאַרעכטיקונג פֿאַר יידן גלייך נאָכן נצחון פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער.

גלייך ווי די פֿרייע פֿראַנצויזן זענען אַריין קיין סיריע, האָט די הויפּט־קוואַרטיר פֿון גענעראַל דע גאָל׳ם מיסיע אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן אַרויסגעלאָזן דעם פֿאָלגענדיקן אָפֿיציעלן קאָמוניקאַט:

5־טער אויגוסט 1941.

„אַ מעלדונג פֿון גענעראַל דע גאָל׳ס שטאַב אין סיריע, באַטי־פֿיצירט די פֿרייע פֿראַנצויזישע דעלעגאַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַז אַלע אַנטיסעמיטישע און ראַסן געזעצן, וועלכע זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן פֿון ווישי, ווערן פֿון אונז באַטראַכט אַלס אומגילטיק און נישט עקזיסטירנדיק אויף דער גאַנצער טעריטאָריע פֿון סיריע און לבנון.

„די פֿרייע פֿראַנצויזן אַנערקענען נאָר יענע געזעצן, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן פֿאַרן 18־טן יוני 1940, צוזאַמען מיט די פֿאַר־אָרדענונגען פֿון די פֿרייע פֿראַנצויזישע כּוחות״.

## גלייכהייט אָן שום חילוק פֿון ראַסע און גלויבן!

אָט אַזוי קלינגט אויך דער „מעסעדזש״ פֿון אַדריען טיקסיע, דער שעף פֿון דער פֿרייער פֿראַנצויזישער דעלעגאַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, צו דער דערעפֿנונג פֿון אייראָפּעאישן ראַט ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס דעם 7־טן יוני 1942 אין ניו־יאָרק.

„גענעראַל דע גאָל, דער שעף פֿון די פֿרייע פֿראַנצויזישע קעמ־פֿענדיקע כּוחות און פּרעזידענט פֿון פֿראַנצויזישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, האָט ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן, אויסגעדרוקט זיינע געפֿילן בשייכות מיט דער יידישער פֿראַגע.

„די פֿרייע פֿראַנצויזישע באַוועגונג איז געגרינדעט אויף די גלאָר־רייכע און הויכע פּרינציפּן פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, דער יסוד פֿון דער דעקלאַראַציע פֿון מענטשן־רעכט. (פֿון דער פֿראַנ־צויזישער רעוואָלוציע).

„דאָס באַפֿרייען פֿון פֿאָטערלאַנד הייסט נישט בלויז אַרויסוואַרפֿן דעם אַריינדרינגער, דעם שונא, נאָר אויך צוריקשטעלן פֿראַנקרייכס גייסטיקע ווערטן.

„גלייכהייט פֿון אַלע פֿראַנצויזן אָן שום חילוק פֿון אָפּשטאַם, אָדער גלויבן איז אונטער אַלע פֿראַנצויזישע רעפּובליקאַנישע רעזשימען באַ־טראַכט געוואָרן אַלס איינער פֿון די הויפּט עטישע יסודות פֿון פֿראַנקרייך.

„אין גענעראַל דע גאָלס אַרמיי וואו קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן, יידן און מוסולמענער קעמפֿן האַנט אין האַנט און אַקסל צו אַקסל, איז דער געפֿיל פֿון ברידערלעכקייט פֿאַרשטאַרקט אינם הויכן אידעאַל פֿונם קאַמף. און טאַקע צוליב דער פֿאַרשידנקייט פֿון דער גייסטיקער משפּחה פֿון פֿראַנקרייך זענען ראַסיסטישע געזעצן אַן אוממעגלעכקייט און פֿרעמד דעם פֿראַנצויזישן גייסט און דער פֿראַנצויזישער טראַדיציע. אין די לענדער פֿון דער פֿראַנצויזישער אימפּעריע אונטער דער ממשלה פֿון „פֿריי־פֿראַנקרייך” אָדער פֿון קעמפֿענדיקן פֿראַנקרייך, ווי אין פֿראַנצויזיש עקוואַטאָר־אַפֿריקע, אין די פּאַסיפֿישע אינזלען, אין סיריע און לבנון אַזוי גוט ווי אין סען פּיער און מיקעלאָן זענען די ווישע־געזעצן קעגן יידן אָפּגעשאַפֿט (זע דעקלאַראַציע בײַם אָנהויב פֿון קאַפּיטל)

„איך קען אייך נישט געבן קיין בעסערע פֿאַרזיכערונג ווי די ווערטער פֿון גענעראַל דע גאָל: היות ווי מיר האָבן אָפּגעשאַפֿט אַלץ וואָס ס׳יאז פֿאַלש און אומבאַרעכטיקטערהייט אָפּגעטון געוואָרן, אין פֿראַנקרייכס נאָמען, נאָכן 23־טן יוני 1940, וועלן די אומגערעכטע און ברוטאַלע אַנטי־יידישע געזעצן נישט האָבן קיין שום גילטיקייט אין באַפֿרייטן פֿראַנקרייך”.

ווינשנדיק דער קאָנפֿערענץ הצלחה, פֿאַרענדיקט דער רעפּ־רעזענטאַנט פֿון גענעראַל דע גאָל: „איך בין ספּעציעל נייגיריק צו רעדן צו די פֿראַנצויזישע יידן, מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער קאָנ־פֿערענץ וועמענס פֿאַמיליעס עס ליידן אין פֿראַנקרייך, וועלכע לייסטן דאָרט ווידערשטאַנד. איך פֿאַרזיכער זיי נאָכאַמאָל, אַז דער נצחון פֿון די פֿרייע פֿראַנצויזישע כּוחות און פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, וועט זיי צוריקשטעלן אין זייערע רעכט”.

## יידן לעבן שוין אין פֿראַנקרײַך אַכצן הונדערט יאָר

שוין אין 2טן יאָרהונדערט געפֿינען מיר אַ יידישע קהילה צווישן די מויערן פֿון אַוויניאָן (דרום־פֿראַנקרייך—די שטאָט פֿון די פּויבסטן). אין 4־טן יאָרהונדערט איז שוין געווען אַ יידישע קהילה אין ליאָן און אין 5־טן יאָרהונדערט אין פּאַריז און אַ ריי אַנדערע שטעט. אַ יאָרהונדערט שפּעטער איז שוין אין מאַרסיי, טור, אָרלעאַן, באָרדאָ א. אַנד. פֿאַראַן

יידישע קהילות. (אין אַגד געפינט זיך היינט איינער פון די קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן פון דער ווישי־רעגירונג. קיין יידישע קהילות זענען אין דער געגנט כמעט נישט מער פאַראַן).

עס וואָלט אונז צו וויט פאַרפירט, ווען מיר וואָלטן ריזיקירט אַריינצוגיין אין דער מינדעסטער איינצלהייט פון יידישן לעבן אין אַמאָליקן פראַנקרייך, מיר וועלן זיך דעריבער מוזן באַגנוגענען מיט אַלגעמיינע שטריכן פון יידישן לעבן אין ניי־צייטיקן פראַנקרייך און דעם יידישן אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן לאַנד פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט". וועלכעס האָט פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אונז יידן בפרט דורכגעריסן די קייטן און אונז געפירט צו פרייהייט.

אָנגעפאַנגען פון יענע אומבאַקאַנטע צייטן פון צווייטן יאָר־הונדערט וועט מיר געפינען דעם ערשטן יידן אין פראַנקרייך און פאַר־ביי דעם גאַנצן מיטלאַלטער לויכטן אַרויס גרויסע יידישע געשטאַלטן ווי ר' גרשם בן יהודה און דער מפורש התורה, רש"י און פאַרענדיקט מיטן גרויסן פילאָזאָף פון אונזער צייט אַנרי בערגסאָן, וועמענס שטאָלצן אַרויסטריט קעגן פעטען און זיינע משרתים, אַ פאָר חדשים פאַר זיין טויט, האָט אַזוי בולט כאַראַקטעריזירט דעם נאָבעלן גייסט פון פראַנצויזישן יידנטום פון אַלן צייטן.

יידישער ביישטייער צום מאָדערנעם פראַנצויזישן לעבן. — דער 27־טער סעפטעמבער פון יאָר 1791 איז די שענסטע דאַטע נישט בלויז פון פראַנצויזישן יידנטום פון דער ניי־צייט נאָר אויך דער ווענדע־פונקט פון דער געשיכטע פון אייראָפּעאישן יידנטום. אין יענעם טאָג האָט די פראַנצויזישע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג דעקרעטירט די יידן פון פראַנקרייך אַלס גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון פראַנקרייך.

די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס האָט זיך נאָכדעם פאַר־שפרייט איבער דעם גרעסטן טייל פון אייראָפּע, האָט געעפנט דעם וועג פאַר יידישן אָנטייל נעמען אין אַלע צווייגן פון נאַציאָנאַלן לעבן. עס איז גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע נעמען ווי האַנרי בערגסאָן (1859 — 1940) און עמיל דורקהיים (1858 — 1917) אין פילאָזאָפיע; זשאַק האַדאַמאַר (געבאָרן 1865), מאָריס לעווי (1838 — 1910) אין מאַטע־מאַטיק; גבריאל ליפמאַן, וועלכער האָט געוואונען דעם נאָבעל־פרייז פאַר פיזיק (1845 — 1921), סאַלאָמאָן ריינאַך (1858 — 1932) אין אַרכעאָלאָגיע; היפּאָליט בערנהיים (1847 — 1919) און פערנאַנד ווידאַל (1862 — 1929) אין מעדיצין; שאַרל־ליאָן קען (1853 — 1935) אין יוריספּרודענץ און לוסיען לעווי־ברוהל (1857 — 1939) אין אַנטראָ־

פּאָלאָגיע. אין ליטעראַטור: קאַטיל מענדעס (1841 — 1909), גוסטאַוו קאָהן (1859 — 1936), זשאַק בענאַר (געבאָרן 1866) האַנרי בערנשטיין (געבאָרן 1876), עדמונד פלעג (געבאָרן 1874), אַנדרע מאָרואַ (געבאָרן 1885), אַנדרע ספּיר (געבאָרן 1868), און בערנאַר לאַזאַר (1863 — 1903). אין מוזיק: זשאַרזש ביזע (1838 — 1875), זשאַק הלוי (1799 — 1862), זשאַק אָפּענבאַך (1819 — 1880), מאָריס ראַוועל (1875 — 1937). טעאַטער: ראַשעל (עליזאַבעט פעליקס) (1820 — 1858) און סאַראַ בערנהאַרד (1845 — 1899). אין מאַלעריי: קאַמיל פּיסאַראָ (1830 — 1903) און ראָזע באָנהער (1822 — 1899). אין פּאָליטיק: יצחק אַדאָלף קרעמיע (1796 — 1880), אַשיל פולד (1800 — 1867), לעאָן בלום (געבאָרן 1872), זשאָרזש מאַנדעל (געבאָרן 1885) און זשאַן זעי. (די ליסטע איז נישט קיין קאָמפּלעטע רעד.).

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914—1918) האָבן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי געדינט 40,000 יידן, פון וועלכע 13,000 זענען געוועזן פרעמדע. אין איצטיקן קריג האָבן אין דער פראַנצויזישער אַר־מיי געדינט נישט וויניקער ווי 60,000 יידן.

די פראַנצויזישע יידן פאַרטיילן זיך אין פאָלגענדיקע 3 קאַטעגאָ־ריעס: א. פראַנצויזישע אַלט־איינגעזעסענע; ב. אָריענטאַלישע יידן, און ג. יידן פון מזרח־אייראָפּע, — וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַר־געשטעלט אַ מערהייט.

עס איז אוממעגלעך צו זאָגן גענוי וויפל יידן עס זענען איצט פאַראַן אין פראַנקרייך, ווייל זייט די לעצטע הונדערט יאָר האָט דער נאַציאָ־נאַלער צענזוס נישט פאַרלאַנגט קיין גלויבנס־רעגיסטראַציע. אָבער לויט פאַראַנטוואָרטלעכע קוואַלן איז זייער צאָל אין 1933 געוועזן אומגע־פער 250,000. נאָכדעם ווי היטלער האָט באַקומען די מאַכט אין דייטש־לאַנד, זענען אַריינגעקומען קיין פראַנקרייך אומגעפער 50,000 פליכט־לינגע פון רייך, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע. אין דער זעלבער צייט זענען אויך געקומען קיין פראַנקרייך מערערע טויזנטער יידן פון פוילן. צו דער צאָל מוז מען רעכענען 25,000 יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון בעלגיע און האָלאַנד אין די חדשים מאַי און יוני 1940.

עלזאַס־לאָטרינגער יידן אינגאַנצן ליקווידירט. — אין די דאָזיקע צוויי פּראָווינצן, וועלכע די נאַציס האָבן אינגאַנצן אַנעקסירט אַלס אַ טייל פון דייטשלאַנד, האָבן די יידן געוואוינט שוין אין די צייטן פון דער רוימישער קאָלאָניזאַציע. פאַר דער איצטיקער מלחמה האָבן דאָרט געלעבט אַרום 35 טויזנט יידן אין די בעסט אָרגאַניזירטע יידישע קהילות פון מערב־אייראָפּע.

**די יידן פון על־זאס־לאָטרינגען זענען איצט פּראַקטיש ליקווידירט. אַרום 15,000, וואָס האָבן געוואוינט ביי די גרענעצן האָט מען עוואַקואירט גלייך אין אָנהויב פון קריג און אין מאַי, 1940, ווען די אינוואַזיע פון פראַנקרייך איז געווען אין פולן גאַנג, זענען די מערסטע אַנטלאָפן פאַר די דייטשע סאָלדאַטן. שפּעטער האָט מען זיי פאַרבאָטן צוריק־צוקומען.**

שטאָלצע יידן פון פראַנקרייך. — **מיר גייען פאַרביי דעם גאַנצן קאַפּיטל פון שענדלעכע יידן־געזעצן, וועלכע די נאַצי־משרתים פון ווישי האָבן איינגעפירט פאַר יידן און זיי אוממעגלעך געמאַכט דאָס לעבן. מיר שטעלן זיך נאָר אָפּ אויף מאָמענטן פון יידישער ווירדע און אַנדערע מאָמענטן פון אמתן גייסט פון פראַנצויזישן פאָלק לגבי אונדז. מיר ברענגען דאָ אַ בריוו פון די** יידישע מלחמה־וועטעראַנען **צום פראַנצויזישן יידן־קאָמיסאַר קסאַוויע וואַלאַ, וועלכער וועט דינען ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט פון יידישער ווירדע. אָט איז דער וויכטיגקסטער אויסצוג:**

„די פראַנצויזישע יידן, די וואָס האָבן זייערע לעבנס אָוועקגעגעבן, די פאַרוואונדעטע, וואָס האָבן זייער בלוט פאַרגאָסן, די לעבעדיקע וואָס טראָגן דעם „מלחמה־קרייץ״, האָבן נישט געגלויבט, אַז זיי האָבן געבראַכט זייערע קרבנות פאַר אַ לאַנד, וואָס וועט זיי דערנאָך אָוועקוואַרפן. די עלטערן און די וואָס שטאַמען פון אונזערע געפאַלענע, אונזערע לעבן־געבליבענע, די פאַרוואונדעטע און פאַרקריפּלטע, דערקלערן דורך אונזער שטימע, אַז זיי וועלן נישט פאַרלייקענען פראַנקרייך, ניש אַכטנדיק אויף אַלץ וואָס זיי ליידן. זיי ווילן בייטראָגן זייער שטילן קרבן פון היינט צו די קרבנות פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַזוי אַרום האָפן זיי, אין אַ גערעכטער און פרייער צוקונפט, טאָפּלט ווערט צו זיין זייער שטאַנד אַלס זין פון פראַנקרייך, וואָס זיי וועלן אין זייערע הערצער קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, אַפילו ווען דאָס זאָל מיט געוואַלד אָוועקגערויבט ווערן״.

די אמתע געפילן פון פראַנצויזישן פאָלק לגבי יידן. — **אַלע אַנטי־יידישע געזעצן און אָרגאַניזאַציעס שטויסן זיך אָן אויפן געזונטן פאַרשטאַנד פון פראַנצויזישן פאָלק, אויף די אמתע געפילן פון יעדן נישט־אינטערעסירטן פראַנצויז, ווי מיר ווען עס דאָ זען אין אַ בריוו פונם שעף פון דער רעפאָרמירטער קירך צום רב הראשי פון פראַנקרייך, הרב שוואַרץ.**

## רעפֿאָרמירטע קירך פֿון פֿראַנקרייך.
### דער פּרעזידענט פֿון נאַציאָנאַל־ראַט.

„ה׳ אויבער־ראַבינער,

„דער ראַט פֿון דער רעפֿאָרמירטער קירכע אין פֿראַנקרייך, וועלכער איז זיך צום ערשטן מאָל צונויפֿגעקומען נאָך דעם אַרויסגעבן פֿון די אַנטי־יידישע דעקרעטן פֿון 3־טן אָקטאָבער ה. י., האָט מיך באַאויפֿטראַגט אייך אויסצודריקן אונזער צער צוזעענדיק ווי מ׳פֿירט אַריין אין אונזער לאַנד ראַסיסטישע געזעצן און פֿעסטשטעלנדיק די נסיונות און צרות צו וועלכע איר זענט אויסגעשטעלט״.

**נאָכדעם ווי דער פּאַסטאָר און שעף פֿון דער רעפֿאָרמירטער קירך דריקט אויס זיין מיטגעפֿיל אַזוי ווי עס לאָזט זיך אויסדריקן אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך, און ווי זיי קענען נאָר קומען פֿון אַ וויבערירנדיק האַרץ פֿון אַ פֿראַנצויז, פֿאַרענדיקט דער בריוו:**

„... צווישן אייערע קהילות און אונז עקזיסטירן פֿאַרבינדונגען וועלכע קיין געזעץ און קיין מענטשלעכע האַנט איז נישט אימשטאַנד צו צערייסן: ס׳איז פֿאַראַן דער תנ״ך, די אָבות, די נביאים און דער תהלים...״

„... מיר בעטן אייך אָנצונעמען, הער אויבער־ראַבינער, דעם אויסדרוק פֿון אונזער אונטערטעניקן רעספּעקט.

(—) פּאַסטאָר מאַרק בעגנער״

**אָבער נישט בלויז אָפֿיציעלע פּערזענלעכקייטן און קערפּערשאַפֿטן, נאָר אויך פּשוטע פֿראַנצויזישע בירגער, קליינע באַאַמטע און אַרבעטער, געפֿינען מיטלען און וועגן צו סאָלידאַריזירן מיט יידן און זיי צו העלפֿן, ריזיקירנדיק דערביי נישט בלויז זייער עקזיסטענץ, נאָר אויך צומאָל זייער לעבן.**

**אַזוי שרייבט דער באַסטאָנער „קריסטשען סייענס מאָניטאָר״ אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון פֿראַנקרייך:**

**„... אין אַ סך פֿאַלן ווערן די יידן איצטער בעסער באַהאַנדלט פֿון זייערע ניט־יידישע שכנים ווי אין אַמאָליקע פֿרידלעכע יאָרן. וואו נאָר אַ פֿראַנצויזישער באַאַמטער דאַרף אַריינשטעלן אַ „י״ אין אַ יידישן פּאַספּאָרט, געפֿינט ער הונדערט אויסריידן עס צו פֿאַרשלעפּן אָדער אויסצומיידן. — וואו די דייטשן האָבן געלאָזן אויפֿמאָלן „יידישע אונטערנעמונג״ געפֿינען די פֿראַנצויזן מיטל און וועגן צו געבן צו לייזן**

אַזאַ געשעפט. אין פאַבריקן וואו יידן ווערן אָפּגעזאָגט פון זייערע פּאָסטנס צוליב זייער יידישקייט, מאַכן די אַרבעטער פאַר די אָפּגעזאָגטע, געזע־גענונגס־באַנקעטן און זאַמלען אָפּט צונויף גרעסערע געלט סכומים צו העלפן אַן אַרבעטסלאָזן יידישן אַרבעטער...״

„...אויך אין דער יוגנט־באַוועגונג איז עס פּעטענס מענטשן נישט געלונגען צו מאַכן נפשות פאַרן אַנטיסעמיטיזם. — דאָס זעלבע איז דער פאַל מיטן אמתן קאַטאָליציזם, וועלכער קעמפט מיטן אַנטיסעמיטיזם אויף זיין אייגענעם שטייגער״.

אַזוי זעט אויס די שטימונג אין פראַנקרייך. — דאָס איז דאָס אמתע פראַנקרייך!

# גריכנלאַנד
*Greece*

## מיר פילן אַ גרעסערע סימפּאַטיע צו יידן ווי ווען עס איז פריער

דערקלערונג פון גריכישן פרעמיער ע. י. טסעדוראָס

לכבוד ראש השנה תש״ב האָט דער גריכישער פּרעמיער־מיניסטער אָפּגעגעבן פאָלגענדיקע הארציקע דערקלערונג צו די יידן:

איך האָף, אַז דאָס קומענדיקע יאָר וועט ברענגען אייערע ליידנדיקע ברידער — די קרבנות פון די שונאים פון דער מענטשהייט — די גוטע בשורה פון שלום און דעם סוף פון זייערע צרות. איך בין זיכער, אַז דערווייל וועלן די קינדער פון ישראל, וועלכע לעבן אין די פרייע און גאַסטפריינטלעכע לענדער, ווידמען זייער גאַנצע מאָראַלישע און מאַטעריעלע קראַפט צום געמיינשאַפטלעכן קאַמף, אַלס שותּפים פון די פאַראייניקטע פעלקער, אַזוי אַז דער קאָשמאַר פון נאַציזם זאָל פאַרשוואונדן וואָס פריער.

ס׳איז קיין שום ספק נישט פאַראַן, אַז דורכן זיג פון די פאַראייניקטע דעמאָקראַטישע כּוחות, וועלן מיר זיין די עדות פון אַ פּרעכטיקער ווידעראויפשטעלונג פון יענע ווערטן, וועלכע זענען דער סאַמע עסענץ פון אייערער, פונקט ווי פון אונזער ציוויליזאַציע, וועלכע זענען ביידע ביידע דאָס געמיינזאַמע ציל־ברעט פון נאַצישער אַכזריות.

מיר גריכן, וועלכע זענען צוגעבונדן צו די ליבעראַלע אידעאַלן פון דער וועלט, פילן איצט אַ גרעסערע סימפּאַטיע, ווי ווען עס איז פריער צו אונזערע יידישע פריינד און מיר ווינשן זיי הצלחה״.

געצייכנט ע. י. טסעדוראָס

## ייִדיש־גריכישע סאָלידאַריטעט וועט נאָך דער מלחמה פאַרשטאַרקט ווערן

דערקלערונג פון גריכישן אינפאָרמאַציע־מיניסטער
ה׳ אַנדרעי מיכאַלאָפּאָלוס

אין אַ בריוו צום פאַרטרעטער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין לאָנדאָן האָט מיניסטער מיכאַלאָפּאָלוס דערקלערט:

„איך וויל נאָכאַמאָל פעסטשטעלן, אַז די פּאַטריאָטישע אויפגאַבע, וועלכע יידן אין גריכנלאַנד האָבן דערפילט אין

דער איצטיקער מלחמה, איז זייער הויך אָפּגעשאַצט ביי זייערע נישט־יידישע ברידער. ווען דאָס לאַנד וועט איבערקומען דעם איצטיקן שווערן נסיון, בין איך זיכער אָן שום ספק, אַז די דאָזיקע סאָלידאַריטעט, וועלכע עקזיסטירט איצטער צווישן קריסטן און יידן אין גריכנלאַנד, וועט דורכן אָנדענק פון געמיינזאַמע ליידן און דעם שותּפות פון נסיון, נאָך מער פאַרשטאַרקט און באַפעסטיקט ווערן".

געצייכנט אַנדרעי מיכאַלאָפּאָלוס.

## יידן און גריכן — די צוויי מאַרטירער פעלקער

אונטער דעם דאָזיקן טיטול שרייבט מ. קויפמאַן:

„...דאָס יידישע פאָלק אין מערב־אייראָפּע, אין פוילן אין רוסלאַנד און אומעטום, וואו עס בושעוועט נאָר דער נאַציש־אָקופּאַנטישער שטיוול, ווערט געשלעפּט צו דער עקדה; דאָס גריכישע פאָלק ווערט אויפגעאָפּפערט ווי אַ קרבן עולה אויפן מזבח פון קריג. עס שווייגט הימל און ס'שווייגט אויך דער ים, וואָס שווענקט די ברעגן פון גריכנלאַנד, — שווייגט הילפלאָז און פאַרצווייפלט — ער קאָן נישט העלפן, ווייל די נאַציס האָבן פאַרבאָטן די גריכן זיך צו באַשעפטיקן מיט פיש־פאַנג, כדי זיי זאָלן נישט קאָנען אַנטלויפן פון זייער נאַצי־גיהנום.

„פונקט ווי די יידן אין געטאָ, זענען די גריכן איינגעשלאָסן אין אַן איינצל־קאַמער פון נאַצישן פעלקער־אָסטראָג אין אייראָפּע. זיי זענען געאָגראַפיש אַרומגעצוימט מיט ערד און וואַסער. לאַנגע חדשים ציט זיך די פחדימדיקע הונגער־טויט אַגאָניע פון דאָזיקן פאָלק, פונקט ווי עס ציען זיך גרענעצלאָז־לאַנג די וואָכן און חדשים אין יידישן געטאָ. איז דאָס דער לוין פאַרן מוטיקן גריכנלאַנד, וואָס האָט באַוויזן נאָך איידער רוסלאַנד האָט דערלאַנגט דעם מעכטיקן שטויס — העלדישקייט און מסירת־נפש אין דער פאַרפעסטעטער אייאָפּע; איז דאָס דער גורל פון יידנטום, וואָס האָט באַוויזן איבערצולעבן די רשעים אין אַלע צייטן און שוין געהאַט באַאומרואיקט דעם נאַציזם, נאָך איידער די וועלט האָט געחלומט וועגן דער פאַרשקלאַפונג פון פוילן; קאַפּיטולאַציע פון פראַנקרייך און די אַלע קאַטאַקליזמען פון איצטיקן קריג?

„די געשיכטע לערנט אונז, אַז אַ פאָלק קאָן נישט אומגעבראַכט ווערן. אָבער צי קען דער עלעקסיר פון מאָראַלישער פעסטקייט און שטאַנדהאַפטיקייט העלפן צום סקעלעטישן הונגער־מלאך־המות? דער בית־עולם פון אַטען — דערציילן די פליטים — איז פאַרפולט,

און אַ גוט־באַזיצער פֿון דער אומגעגנט האָט מנדב געווען אַ שטיקל פֿעלד פֿאַר באַערדיקן די מתים. אין די גאַסן פֿון אַטען פֿאַרקויפֿט מען באַרג־גראָזן; אין די גאַסן פֿאַלן מענטשן ווי פֿליגן. אין געטאָ שפּאַנען די יידישע פֿערד מיט אַ מגן־דוד־צייכן; דאָרט שטאַרבט מען אויס מאַסנווייז פֿון טיפֿוס און פֿון הונגער. די נאַציס האָבן דערפֿירט זייער אויסראָטונגס־קאַמף צו אַ פּערפֿעקטן „פּערפּעטום מאָבילע". דער מלאך־המות אַרבעט שוין פֿון זיין אייגענער אינערציע. די לעבנס באַדינגונגען זענען אַזוי אַוועקגעשטעלט געוואָרן, אַז דער מלך־טויט אין דער איינ־ציקער אַליינהערשער. הונגער און עפּידעמיעס זענען זיינע נאָענטסטע קרובים למלכות, וואָס פֿירן אויס געטריי און מעטאָדיש מיט אַ טראַ־גישער גרינטלעכקייט דאָס געבאָט פֿון זיין קרוין.

„אין גריכנלאַנד שטאַרבט מען מער וויפֿל מען קען באַערדיקן און דער זומער דראָט מיט שרעקלעכע עפּידעמיעס. אין יידישן געטאָ שטאַרבט מען מאַסנווייז און די וואָס טראָגן נאָך אַריבער די גרוילן, דרייען זיך אַרום אין אַ וועלט פֿון נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן. די לעבעדיקע זענען מקנא די וואָס זענען שוין זייערס איבערגעקומען און זיך אַריבערגעפּאַקט אויף יענער וועלט. עס שווייגען ערד און הימל און עס שווייגן די ימים. עס טאָר אָבער נישט שווייגן דער מענטש פֿון פֿון אַלע פֿעלקער, וואָס קעמפֿן איצט פֿאַר זיין זעלבסטרעטונג. עס טאָר נישט שטומען דאָס געוויסן און דאָס האַרץ פֿון דער וועלט און דער זכרון פֿון די פֿעלקער טאָר נישט שווייגן און איינקריצן אין זיינע טיפֿענישן די ווילדע פּרצופֿים פֿון די נאַצישע פֿעלקער־אָסטראָג־וועכטער. די סאַדיסטן און שליסלהאַלטער פֿון איינצלקאַמער פֿאַר גריכן און יידן".

אָבער נאָך ערגער איז די לאַגע פֿון די גריכישע יידן, וועלכע האָבן, אַחוץ הונגער נאָך אויסצושטיין די נאַצישע נגישות.

די גריכישע גלות־רעגירונג פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון צייט צו צייט באַריכטן איבערן לעצטן רעשטל פֿון פֿאַרשוואונדניקן גריכישן יידנטום. אָט איז איינער פֿון די אומצייטליקע:

אין סאַלאָניקי זאָגט איין באַריכט, האָט די נאַצי־מאַכט אַרויסגע־טריבן פֿיל יידן פֿון דער שטאָט, צוואונגענדיק זיי צו וואוינען אין אַ דערפֿל אין די בערג אויסער דער שטאָט. די נאַציס האָבן אויך אַרויס־געגעבן אַ דעקרעט, וואָס פֿאַרבאָט דער גריכישער באַפֿעלקערונג צו העלפֿן די יידן, וועלכע זענען פֿאַרבליבן אין סאַלאָניקי.

די נאַצי מאַכט האָט זיך אויך באַמיט צו צווינגען די גריכישע גלחים אַרויסצוקומען קעגן יידן און זיי באַצייכענען אַלס

„נידעריקע ראַסע", אויפצופאָדערן די גריכן נישט צו העלפן די יידן. די מייסטע גלחים האָבן זיך אָבער נישט נאָר אָנטזאָגט דורכצופירן דעם באַפעל, נאָר זיי האָבן אויך גערופן די גריכישע באַפעלקערונג צו העלפן די געדודפטע יידן.

אַלס רעזולטאַט פון דער שטעלונג פון די גריכישע גייסטלעכע, האָט די נאַצי־מאַכט פאַרשלאָסן זייערע קירכן. איין גריכישער מאָנאַך איז הינגעריכטעט געוואָרן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן, וועלכע די „געס־טאַפאָ" האָט אַרומגעזוכט. פיל יידן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די גריכישע פאַרטיזאַנען.

אין אַטען האָט די נאַצי־מאַכט אַרעסטירט אַ צאָל גריכן, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַ געהיימע געלט־זאַמלונג פאַר ליידענדע יידישע פאַמיליעס, אָבער נישט בלויז האָבן גריכן זיך אָפגעזאָגט אויסצופירן דייטשע אַכזריותדיקע פאַראָרדענונגען קעגן יידן — נאָר פון צייט צו צייט איז עס זיי זאָגאַר געלונגען אָפצושרייען גזירות.

בעת די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן זייער רעגיסטראַציע דעקרעט פאַר יידן צום דעפאָרטירן האָבן זיי עטלעכע מאָל געמוזט דעם דעקרעט צוריקציען אַלס רעזולטאַט פון דער שטאַרקער קעגנערשאַפט פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירכע.

פירער פון דער קירכע האָבן אויפגעפאָדערט די גריכישע באַפעל־קערונג אַרויסצואווייזן אַן אָפענעם ווידערשטאַנד צו יעדן פאַרזוך פון די נאַציס צו דעפאָרטירן יידן פון גריכנלאַנד.

גריכישע קירך ברענגט גרויסע קרבנות פאַר יידן

לויט אַ ידיעה פון אַטען, אַזוי שפעט ווי אָנהויב מאַי 1943, האָט די דייטשע אָקופּאַציע מאַכט אַרעסטירט מער פון 600 גריכישע גלחים בלויז דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך אָפגעזאָגט צו פריידיקן אַנטיסעמיטיזם אין די קירכעס און האָבן אָנשטאָט דעם גאָר געפּרעדיקט לטובת די פאַרפאָלגטע יידן און פאַר זיי תּפילה געטון.

## קעניג דזשאָרדזש דער צווייטער און זיין שטעלונג צו יידן

ווען דער קעניג האָט זיך, אין 1935 אומגעקערט קיין גריכנלאַנד האָט ער באַלד דערויף באַנייט זיינע פריינטשאַפטס־צוזאָגן און זיינע גוטע באַציאונגען צו יידן. גריכישע יידן אין ארץ ישראל האָבן דאַן געשריבן: „מיר זענען אפשר נישט קיין מאָנאַרכיסטן אָבער מיר זענען הונדערט פראָצענטיקע „דזשאָרדזשיסטן". אַ פאַקט איז, אַז

אונטער דער מאָנאַרכיע האָבן יידן זיך געפֿילט נישט ווייניקער פֿריי ווי אונטער דעם כּמעט צוועלף יאָריקן רעפּובליקאַנישן רעזשים.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער, האָט דער פֿאַרשטאָרבענער פּרעמיער־מיניסטער פֿון גריכנלאַנד, מעטאַקסאַס, געשריבן צום חכם באַשי הרב דר. קאָרעץ פֿון סאַלאָניקי, פֿאַרזיכערנדיק אים אַז זיין רעגירונג „וועט ווי ביז דאַן אויך ווייטער זיך באַציען מיט דער זעלבער סימפּאַטיע און אויפֿריכטיקייט". אויך דער גובערנאַטאָר פֿון דער פּראָווינץ מאַקע־דאָניע, די יידן־רייכסטע פּראָווינץ פֿון גריכנלאַנד, ה' דזשאָרדזש קיריליס, האָט אַרויסגעגעבן אַן אָפֿיציעלע דעקלאַראַציע אין וועלכער ער האָט באַשטעטיקט די דערקלערונג פֿון דער רעגירונג און דעם פּרעמיער־מיניסטער.

געזעצן קעגן אַקס־פּראָפּאַגאַנדע. — בעת די שותּפֿים פֿון דער „אַקס" האָבן איבערן באַלקאַן זיך גענומען צערפֿירן די הענט מיט אַן אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע, האָט דער גריכישער פּאַרלאַמענט אָנ־גענומען געזעצגעבערישע שריט, כּדי אָראָפּצורייסן די מאַסקעס פֿון די אַזוי־גערופֿענע „פּאַטריאָטישע פֿאַראיינען", וועלכע זענען, מיט דער הילף פֿון דייטשישע מאַרק און איטאַליענישע לירעס אויסגעוואַקסן אי־בערן גאַנצן באַלקאַן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. — בעת דער שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות האָט אין יאָר 1938 גערעדט מיט אַ גאָר וויכטיקן גריכישן מיניסטער וועגן דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע אין זיין לאַנד, האָט ער מיט אַ חוזק־שמייכל אויף די ליפּן געפֿרעגט: „און איר יידן גלויבט טאַקע, אַז אַ דייטש קען פֿאַרנאַרן אַ גריך אין זאַק אַריין?" דער אמת איז געווען, אַז דאָס דאַמאָלדיקע גריכנלאַנד האָט קיין צוויי ברירות נישט געהאַט און וואָס זי האָט געקענט האָט זי במילא געטון, כּדי צו דערשטיקן די נאַצישע בעסטיע, וועלכע האָט געוואָרפֿן מיט געלט און מיט גיפֿט.

גריכנלאַנד האָט דער וועלט געגעבן אַ לעקציע. — איז דאָך גריכנ־לאַנד געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט געהאַט צו פֿאַרצייכענען ממשותדיקע זיגן קעגן די שותּפֿים פֿון „אַקס" און מוסאָליני מיט זיין שלימזלדיקער אינוואַזיע האָט דער וועלט געגעבן אַ געלעגנהייט צו זען וואו גריכנלאַנד שטייט און וואָס פֿאַר אַ מאָראַלישן ווערט עס קען האָבן אַ פֿאָלק פֿון סוחרים, וואָס האַנדלט מיט אַלץ אין דער וועלט אַ חוץ מיטן כּבוד פֿון אייגענעם פֿאָלק און מיט דער אומאָפּהענגיקייט פֿון זיין פֿאָ־טערלאַנד. — צום ערשטן מאָל פֿון זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָבן מיר אויף דער זייט פֿון גערעכטיקייט באַקומען די געלעגנהייט אַ שמייכל צו טאָן, האָבן מיר געמעגט רעדן פֿון זיג, האָבן מיר געצייכנט

פיילן און „איינקרייזונגען" אויף דער מאַפּע אויפן שונאס טעריטאָריע. נאָך דונקערק און אינמיטן פון „בליץ" איבער ענגלאַנד, האָט דאָס גריכישע פאָלק און די העלדישע גריכישע אַרמיי געגעבן דער דעמאָקראַטישער וועלט אַ קור פון מאָראַל, אַריינגעשפּריצט די ערשטע באַצילן פון בטחון און גלויבן אין דער שלאַג־קראַפט פון דער בעסערער וועלט אַנטקעגן די געפּאַנצערטע פויסטן און פאַרגיפטעטע פעדערן און די פייער־שפּייענדיקע ראַדיאָס פון די שותפים פון דער „אַקס". וואָס פאַר אַן אויפגאַבע די העלדישע גריכן זאָלן נישט דורכפירן ביזן נצחון וועט זי נישט זיין גרעסער פאַר דעם, וואָס זיי האָבן שוין אויפגעטאָן; — געגעבן דער וועלט אַ לעקציע ווי אַזוי אַ קליין אָרעם פאָלק, ווען עס קעמפט פאַר גערעכטיקייט, קען זיך פאַרמעסטן קעגן אַ גלית — דער איינציקער פרעצעדענט איז נישט קיין אַנדערער ווי דוד און גלית.

## יידישער אָנטייל אין דער גריכישער מלחמה

פון אַרטיקלען און ידיעות, וועלכע מיר פלעגן לייענען טאָג־טעגלעך בעת די גריכיש־איטאַליענישע און די גריכיש־דייטשע קאַמפּן, האָבן מיר באַקומען אַ באַגריף ווי גרויס ס'איז געווען דער יידישער אָנטייל אין דער מלחמה וואָס שייך קוראַזש, העלדישקייט און קאַמפּסווילן. אָבער ס'איז ווייניק מענטשן באַקאַנט, אַז בלויז אין די ערשטע חדשים פון דער אינוואַזיע האָבן יידן בייגעשטייערט פאַר גריכנלאַנד קנאַפּע 10 מיליאָן דראַכמעס, און דאָס איז נאָר געווען אַן אָנהויב. — גריכנלאַנד איז נישט געווען צוגעגרייט צו לופט־אַטאַקעס און ווען די ערשטע באָמבאַרדירונגען פון סאַלאָניקי האָבן זיך געלאָזן הערן און די באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט וואו זיך צו שיצן, זענען עס ווידער געווען די יידן פון די ערשטע איניציאַטאָרן אונטערצונעמען ממש אומגלויבלעכע שריט פאַרן שוץ פון דער באַפעלקערונג.

גריכיש־יידישע באַציאונגען. — בעסער, גריכיש־ארץ־ישראלדיקע באַציאונגען זענען פון ערשטן טאָג אָן געווען מער ווי פריינטלעכע, און אַזוי זענען זיי געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. ארץ־ישראל האָט גריכנלאַנד אַלס דעם נאָענטסטן אייראָפּעישן שכן. איןביידע לענדער איז מען זיך דעריבער קלאָר און אין ביידעל ענדער איז פאַראַן גענוג גוטער ווילן און פאַרשטענדעניש פאַר די נאַציאָנאַלע צילן פון אַנדערן און פאַר דער אינטערעסן־געמיינשאַפט פון ביידע לענדער. דאָס מאָדערנע גריכנלאַנד קעמפט נישט מער קעגן דעם מאָדערנעם ארץ־ישראל; זיי דערגענצן זיך. — ארץ ישראל האָט, אין אַ געוויסער מאָס, אָפּגעצאָלט גריכנלאַנד פאַר איר גאַסטפריינטשאַפט צו אונזערע פליטים, אויפנעמענדיק מיט

אַ סך באַגייסטערונג די גריכן, וועלכע האָבן זיך נאָכן צוזאַמענבררוך אַהין געראַטעוועט.

עקאָנאָמישע צוזאַמענאַרבעט. — אין יידישע אַזוי ווי אין גריכישע עקאָנאָמישע קרייזן אין לאָנדאָן און אין ארץ־ישראל, ווערן שוין היינט געשמידט פּלענער פֿאַר אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט גלייך צומאָרגנס נאָכן נצחון. גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע האָפֿן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער סאַנירונג פֿון נאָענטן מזרח נישט ווייניקער ווי אין זייערע אייגענע לענדער, אויב מ'האָט זיך אין די לעצטע יאָרן אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן דער אינטערעסן־געמיינשאַפֿט פֿון אַלע פֿעלקער אויף די ברעגעס פֿון ים התיכון — דאַן איז אַזאַ געדאַנק דאָך נישט געווען אַזוי רייף ווי ער איז ווי ער וועט ערשט זיין נאָך דער מלחמה. הגם געוויסע העכערע גריכישע באַאַמטע גיבן צו, אַז ביי דער גאַנצער סוחרישקייט פֿון גריכישן פֿאָלק, וויל קיין גריך נישט זען אַ „אַ יידן־ריין גריכנלאַנד"...

## יידן גערילאַס און יידן גריכישע סאָלדאַטן

אין דער קליינער, אָבער זייער עפֿעקטיווער גריכישער אַרמיי אויפֿן נאָענטן מזרח — די זעלבע וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל בעתן דורכבררוך פֿון דער על־אַלאַמיין פֿראָנט און האָבן אויך דורכגעפֿירט אַ גלענצנד שטיקל אַרבעט ביים נאָכיאָגן די אַקסיס איבער טריפּאָליטאַניע און ביים גרויסן נצחון אין טוניס, געפֿינען זיך אַ צאָל יידישע סאָלדאַטן, פֿון וועלכע מ'הערט די „בעסטע גרוסן" — גענוי וויפֿיל עס זענען פֿאַראַן יידן אין דער גריכישער גלות־אַרמיי איז נישט באַקאַנט, אָבער אַ פֿאַקט איז, אַז אַפֿילו אין ארץ־ישראל האָבן זיך אַ סך יידן אָנגעשלאָסן אין דער גריכישער אַרמיי. אונטער די איבער 30,000 גערילאַ־קעמפֿער אין גריכנלאַנד גופֿא איז אויך פֿאַראַן אַ ניש־קשהדיקע צאָל יידן. פֿון ידיעות וועלכע מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך גייט אַרויס, אַז אַ צאָל גריכישע יידן געפֿינען זיך אויך אין גענעראַל מיכאַילאָוויטשעס אַרמיי אין יוגאָסלאַוויע. (לויט דעם ניו־יאָרקער מאָרגן־זשורנאַלס קאָרעספּאָנדענט פֿון לאָנדאָן זאָל אַפֿילו באַשטיין אַ יידישע אילעגאַלע צייטונג אין דער גריכישער שפּראַך). דאָס אַלץ איז מער ווי דערפֿרייענדיק — אָבער דאָס וויכטיקסטע דערביי איז דאָך, אַז נישט בלויז די גריכן ווייסן דערפֿון, נאָר זיי שאַצן עס זייער הויך אָפּ און בויען דערויף די פּלענער פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט.

דאָ, אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן, באַשטייט אַן ענגער

קאָנטאַקט צווישן יידן בכלל און גריכישע יידן בפרט, ווי אויך מיט די גריכישע אָפיציעלע אַגענטורן.

ביי דער געלעגנהייט ווען אַמעריקאַניש־גריכישע יידן האָבן ביי־געשטייערט אַ גרעסערע סומע צום אַלגעמיינעם גריכישן הילפס־פאָנד, האָט דער באַקאַנטער גריכישער זשורנאַליסט, איצט דירעקטאָר פון גריכישן אינפאָרמאַציע־ביוראָ, ה׳ דזשאָרדזש האַניאָטיס, אַרויסגעגעבן אַ לענגערע דערקלערונג, דערמאָנענדיק דערביי יידישע העלדישקייטן בעת די גריכישע מלחמות מיט דער אַקסיס, אונטערשטרייכנדיק דעם געפאַלענעם יידישן העלד קוירנעל מרדכי יעקב פריזיס, נאָך וועמען די גריכן האָבן אָנגערופן אַ שטאָט (פריזיאָרי), און טראָץ דעם וואָס די דייטשן רופן אָן די שטאָט ווידער ביים אַלטן נאָמען, איז ביי די גריכן דער נאָמען פון יידישן העלד פאַרהייליקט און זיי ריזיקירן תפיסה־שטראָפן ביי יעדער געלעגנהייט וואָס זיי רופן די שטאָט אויפן יידישן נאָמען.

דער גריכישער גענעראַל־קאָנסול אין ניו־יאָרק, ה׳ ניקאָלאַס לעלי, אַ פערזענלעכער פריינד פון קעניג דזשאָרדזש, ציילט אין דער גרויסער יידישער שטאָט הונדערטער יידישע פריינד. זיינע אויפטריטן אויף יידישע פאַרזאַמלונגען (און עטלעכע מאָל איבער דער ראַדיאָ) און אויף יידישע פאַראַנשטאַלטונגען האָבן אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג ביים יידישן עולם.

נישט אַנדערש איז די באַציונג פון גריכנלאַנדס מיניסטער אין וואַ־שינגטאָן ה׳ דיאַמאַנטאָפולאָס, וועלכער האָט קיין געלעגנהייט נישט פאַרפעלט בכדי אויסצודריקן סימפּאַטיע און סאָלידאַריטעט מיט יידן.

## פאַקטן און ציפערן איבער דער יידישער באַפעלקערונג פון גריכנלאַנד

דער אינסטיטוט פאַר יידישע ענינים ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס גיט אין זיין אויסגאַבע „די יידן אין נאַצי־אייראָפּע“ אַן אויספירלעכע סטאַטיסטיק איבער יידן אין גריכנלאַנד פאַר דער אינוואַזיע. די שטודיע איבער גריכנלאַנד איז איינע פון די קירצעסטע פון דעם גאַנצן בוך, אָבער די ציפערן רעדן זייער אַ סך.

דער מחבר פאַרטיילט די יידן דאָרט אין צוויי קאַטעגאָריעס: א) די גרויסע יידישע קהילה פון סאַלאָניקי און ב) די איבעריקע טיילן פון לאַנד, איינגעשלאָסן די אינזלען, וואָס זענען אַ טייל פון גריכישן קעניגרייך.

„די ערשטע, שרייבט דער מחבר, איז אַן אַלטער ישוב, וועלכער שטאַמט נאָך פון דער צייט פון די גולי ספרד און פון פאָרטוגאַל פון

16טן יאָרהונדערט (דערמיט איז געמיינט דער ישוב פֿון סאַלאָניקי); די אַנדערע ישובים זענען פֿאַרהעלטנישמעסיק יונגע, ווייל הגם יידן האָבן פֿאַקטיש געלעבט אין גריכנלאַנד פֿון זינט 2000 יאָר, זענען אָבער זייערע קהילות אָפּגעווישט געוואָרן בעת די רעוואָלוציאָנערע אויפֿשטאַנדן פֿון יאָר 1821.

ערשט מיט 9 יאָר שפּעטער, ווען דאָס לאַנד האָט דערגרייכט אומאָפּהענגיקייט, האָבן יידן זיך אָנגעהויבן אומקערן אין זייערע היימען.

לויטן צענזוס פֿון יאָר 1928, דער שפּעטסטער צענזוס וואָס מיר האָבן, האָבן זיך געפֿונען אין לאַנד 72,791 יידן, פֿאַרשטעלנדיק מיט זיך 1.17% פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג.

וויפֿיל מיר ווילן נאָך אָנטרעפֿן לעבעדיק פֿון די דאָזיקע יידן נאָכן נצחון, קען קיינער היינט נישט פֿאָרויסזאָגן. דאָס איז דער גרויסער סורפּריז פֿאַרן טאָג פֿון זיג.

# אַלבאַניע

אין דער קליינער מוסולמאַנישער מלוכה פֿון אייראָפּע, אַלבאַניע, האָבן געלעבט אַרום 200 אַלבאַנישע יידן און אַ הונדערט פּליטים פֿון די אַקסיס־לענדער. אַלע יידן אין אַלבאַניע זענען דורך די איטאַליענער קאָנצענטרירט געוואָרן אין אַ געטאָ אין דער הויפּטשטאָט טיראַנאַ.

קיין אַלבאַנישע גלות־רעגירונג איז נישט פֿאַראַן, אָבער נעמענדיק אין אַכט, אַז אַזוי גוט די בריטישע ווי די שכנישע מלוכות, גריכנלאַנד און יוגאָסלאַוויע האָבן אָפּגעגעבן דערקלערונגען וועגן דער אַלבאַנישער אומאָפּהענגיקייט, איז נישט פֿאַראַן קיין אָרט פֿאַר אַ ספֿק וואָס שייך דער צוקונפֿט פֿון די דאָרטיקע יידן, אויף ווי ווייט עס זענען נאָך איבערגעבליבן יידן אין דער דאָזיקער מדינה.

ביזן איטאַליענישן איבערפֿאַל אויף אַלבאַניע, האָבן יידן דאָרט געלעבט אונטער די זעלבע באַדינגונגען ווי די אַלבאַניער.

# האָלאַנד! דאָס קלאַסישע לאַנד פֿון פֿרייהייט, טאָלעראַנץ, גערעכטיקייט און שלום

„גאָט האָט די וועלט באַשאַפֿן, די האָלענדער פֿאַרענדיקן איר" — דאָס איז איינס פֿון די ווערטלעך, וועלכע זענען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אמת. — האָלאַנד האָט אירע טעריטאָריעס נישט באַרייכערט מיט בלוט און שווערד, נאָר מיט אַרבעט און שווייס. מער פֿון דער העלפֿט פֿון דעם וואָס מיר קענען אַלס האָלאַנד, האָבן די האָלענדער „דעראָבערט" ביים ים. — אַ דריטל פֿון היינטיקן האָלאַנד, איז אַמאָל געלעגן אונטערן וואַסער. אַזוי למשל, איז דער באַרימטער אַמסטערדאַמער פֿליפֿעלד, „שכיפּאָל" מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק געווען די סצענע פֿון אַ ים שלאַכט ווייל דעמאָלט האָט דער צפֿון ים דערגרייכט די גרענעצן פֿון דער שטאָט פֿון טויזנט בריקן. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די האָלענדער אויסגעטרוקנט דעם „זוידערזעע" און דערויף געשאַפֿן אַ נייע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָווינץ (אויף וועלכן סהאָט זיך, איבעריקנס געפֿונען איינע פֿון די שענסטע הכשרה־קאָלאָניעס פֿון אייראָפּע) — אין דער צייט ווען אַנדערע פֿעלקער פֿון אייראָפּע האָבן מיט פֿייער און בלוט באַזיגט זייערע שכנים און זיי אונטערטעניק געמאַכט, ביי זיי צוגענומען האָב און גוטס, כּדי זיך אַליין צו באַרייכערן און פֿאַרגרעסערן, האָבן די האָלענדער מיטן שווייס פֿון זייער פּנים און מיט זייער איינגעבוירענעם זין פֿאַר אויפֿבוי, אַן אינטש נאָך אַן אינטש, אַ שפּאַן פֿאַר אַ שפּאַן, אַראָפּגעאַרבעט פֿונם ים שטיקער טעריטאָריע און זיי פֿאַרוואַנדלט אין פֿרוכטבאַרן באָדן. אין די צייטן פֿון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָט מען זיך אין ענגלאַנד געוויצלט: אַז די סכּנה פֿאַר דער בריטישער אימפּעריע ליגט נישט אין נאַפּאָלעאָנס אינוואַזיע־פּלענער נאָר אין דעם, וואָס האָלענדער וועלן אַמאָל אויסטריקענען דעם ים ביז צו די ברעגעס פֿון די ענגלישע אינזלען.

אָט דאָס איז דער גייסט פֿון פּיאָנערישן פֿאָלק פֿון האָלאַנד און פֿון דעם נעמט זיך אויך דער זין פֿאַר טאָלעראַנץ, פֿאַר יושר און רעספּעקט פֿאַרן מיטמענטש וואָס די האָלענדער האָבן באַוויזן דער וועלט פֿון זינט דעם טאָג פֿון זייער אָפּהענגיקייט און וואָס זיי האָבן

אַרויסגעוויזן אונז יידן פֿונם ערשטן טאָג אָן ווען אויף אירע גאַסן האָט זיך באַוויזן דער ערשטער ספֿרדישער ייד, דער ערשטער פּליט פֿון דער אינקוויזיציע מיט 300 יאָר צוריק ביזן טאָג ווען די נאַצישע האָרדעס האָבן פֿאַרפֿלייצט דאָס לאַנד און צעטרעטן איר פֿרייהייט. און אַפֿילו איצטער, איז האָלאַנד איינס פֿון די פֿאַראיינצלטע לענדער און די האָלענדער פֿון די יחידי סגולה, וועלכע האָבן דעם מוט אָפֿן אַרויסצוטרעטן קעגן דעם נאַצישן אונטערדריקער און זיך איינצושטעלן פֿאַר יידישן מיטבירגער אויף אַזוי ווייט, אַז דייטשלאַנד איז געצוואונגען געווען אָנצונעמען ערנסטע שריט כּדי איינצושטילן די כוואַליע פֿון יידן־פֿריינדלעכע אַקציעס מצד דער האָלענדישער באַפֿעלקערונג, אַזוי ווי פֿון דער האָלענדישער קירכע פֿאַר די יידן. שוין נאָך אַלע „שריט" וואָס די נאַציס האָבן אָנגענומען קעגן די יעניקע האָלענדער מיט אַ פּראָ־יידישער טענדענץ, האָבן די קאַטוילישע און די פּראָטעסטאַנטישע קירכן פֿון האָלאַנד, טיף שאָקירט און אויפֿגערעגט איבער די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס פֿון האָלענדישע יידן, צוגעשטעלט אַ פּעטיציע צו דער נאַצישער אָקופּאַציע־מאַכט, אין וועלכער עס ווערט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער אַכזריותדיקער באַהאַנדלונג פֿון יידן, קעגן אַרויסשלעפּן ביי־נאַכט יידישע מיידלעך און זיי פֿאַרפֿירן אין מיליטערישע נאַצי־לאַגערן פֿאַר באַשטימטע צוועקן, קעגן דעפּאָרטירן זקנים און קינדער קיין פּוילן און אַנדערע אומבאַשטימטע פּלעצער, קעגן אַלע אַנדערע הונדערטער גזירות, וועלכע די נאַציס האָבן אויסגעשריבן פֿאַר האָלאַנד און אַנדערע לענדער, און ספּעציעל, קעגן צונעמען ביי יידן דעם ביסן ברויט און זיי פֿאַראורטיילן צו אַ לאַנגזאַמען טויט אין די מויערן פֿון געטאָ, אָדער אונטער אַ טאָפּלטער ריי פֿון שטעכעדיקע דראָט. און נישט בלויז האָבן די האָלענדישע קירכן געשיקט אַ פּראָטעסט צו דער דייטשער מאַכט נאָר דעם דאָזיקן פּראָטעסט אויך געלייענט פֿון די פּולטן פֿון אַלע קירכעס איבערן לאַנד, נישט קוקנדיק אויף דער סכּנה וואָס אַזאַ שריט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט הן פֿאַר די לייענער און הן פֿאַר די צוהערער ווייל ערלעכקייט איז דער סאַמע יסוד פֿון יעדן האָלענדער באַזונדער און פֿון גאַנצן לאַנד אַלס געמיינשאַפֿט.

דער האָלענדישער פּראָפֿעסאָר און דער נאַצי. — אין סאַמע אָנהויב פֿון היטלערס הערשאַפֿט, אין יאָר 1934, בעת די אַלטע אוניווערזיטעט פֿון לײדן (האָלאַנד) האָט געפֿייערט איר 358־טן גרינדונגס־טאָג און געלערנטע פֿון אַלע לענדער זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו די פֿייערלעכקייטן, צווישן זיי אויך אַ דייטשער פּראָפֿעסאָר אַ נאַצי,

פֿאַן לער. — אויפֿן דריטן טאָג פֿון דער היסטאָרישער דאַטע, האָט דער רעקטאָר, פּראָפֿעסאָר הויזינגאַ געמאָלדן, אַז היות ער האָט אַ וויכטיקע מיטטיילונג פֿאַר די חשובע געסט פֿון דער פֿייערונג בעט ער זיי צו דערשיינען אין סענאַט־זאַל פֿון דער אוניווערזיטעט. — דערשיינען אין סענאַט־זאַל פֿון דער אוניווערזיטעט, הייסט אין אָפֿיציעלע בגדים, מיט פֿראַק און מיט ווייסע הענטשקעס.

אין אַ פֿייערלעכער שטילקייט איז דערשינען פּראָפֿעסאָר הויזינגאַ אין זיין היסטאָרישער טאָגע פֿון אַ רעקטאָר פֿון איינער פֿון די עלטסטע אוניווערזיטעטן פֿון קאָנטינענט, און זיך ווענדנדיק פֿון דער טריבונע אינמיטן דער פֿייערלעכער פֿאַרזאַמלונג, דירעקט צום נאַצישן דעלע־גאַט יאָהאַן פֿאַן לער, האָט ער דערקלערט:

„מיט אַ שעה צוריק האָט מען מיר צוגעשטעלט אַ ביכל מיט דער אונטערשריפֿט פֿון איינעם פֿון דער דאָזיקער חשובער געזעלשאַפֿט, הער פּראָפֿעסאָר יאָהאַן פֿאַן לער. — דער ביכל באַהאַנדלט די פֿראַגע פֿון ריטואַל־מאָרד און איר באַמיט זיך אין אים אויפֿצואווייזן, אַז די יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט... — זענט איר עס דער מחבר פֿון דעם דאָזיקן בוך, גיט איר צו, אַז איר האָט עס געשריבן? —

אינמיטן פֿון דער טויט־שטילקייט, וועלכע האָט פֿאַר אַ ווײַלע געהערשט אין זאַל, האָט דער נאַצישער דעלעגאַט זיך צוזאַמענגענומען און מיט אַ פֿאַרשטיקטער שטים געענטפֿערט בלויז איין איינציק וואָרט: — יאַוואָהל! (יאָ).

פּראָפֿעסאָר הויזינגאַ האָט זיך דאַן אויפֿגעהויבן, רואיק און ערנסט אָנגעטון זיין רעקטאָר־קאַפּע און מיט אַ דערהויבענער שטים אויס־גערופֿן:

„הער פּראָפֿעסאָר פֿאַן לער, היות ווי איר זענט זיך מודה, אַז איר זענט דער מחבר פֿון דעם דאָזיקן שענדלעכן פּאַמפֿלעט פֿיל איך זיך פֿאַרפֿליכטעט, אין נאָמען פֿון דער אוניווערזיטעט, אייך אויס־צודריקן אונזערע געפֿילן פֿון עקל און פֿאַראַכטונג, פֿון היינט אָן און ווייטער איז דער אַריינגאַנג אין דער דאָזיקער אוניווערזיטעט פֿאַר אייך פֿאַרבאָטן און דער דאָזיקער צווישן־פֿאַל וועט אַריינגעשריבן ווערן אין די אַנאַלן פֿון דער אוניווערזיטעט אַלס אַ שאַנד־צייכן לדורות... — די זיצונג איז געשלאָסן".

* *
*

האָלאַנד האָט טייער באַצאָלט פֿאַר איר גאַסטפֿריינדשאַפֿט

נישט קוקנדיק דערויף האָבן די נאַציס אויסגענוצט די טראַדיצ־יאָנעלע טאָלעראַנץ פֿון האָלאַנד און האָבן אין די ווייטערדיקע יאָרן פֿאַרפּעסטעט דאָס לאַנד מיט זייער פֿינפֿטער קאָלומנע.

האָלאַנד האָט טייער באַצאָלט פֿאַר איר אייגענער גאַסטפֿריינד־לעכקייט — אָבער דאָס האָט נישט געענדערט די שטעלונג פֿון דער האָלענדישער רעגירונג אין באַצוג צו אַלע אַנדערע פֿרעמדע (נישט נאַצישע) און אַלס אילוסטראַציע קענען דינען די פּליטים, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף אַ שיף איבער אַלע זיבן ימים און קיינער האָט פֿאַר זיי קיין פּלאַץ נישט געהאַט — קיינער, אַ חוץ האָלאַנד, וועלכע האָט פֿאַר זיי געעפֿנט די טויערן פֿון האָלענדיש וועסט־אינדיע. — די יאָרהונדערטער אַלטע טראַדיציע פֿון הכנסת אורחים און טאָ־לעראַנץ ווערט ווייטער געשפּינען. אין די מיניסטעריומס אין לאָנדאָן זיצן אייניקלעך פֿון יענע האָלענדער, וועלכע האָבן אויפֿגעמאַכט די טויערן פֿון האָלאַנד פֿאַר די פּליטים פֿון דער מיטלאַלטערלעכער אינקוויזיציע. קעניגין ווילהעלמינע, דאָס אייניקל פֿון „ווילהעלם דעם שווייגער”, האָט, ווי אירע אבות אַמאָל, אויפֿגעמאַכט די טויערן פֿון אירע לענדער פֿאַר די פּליטים פֿון דער מאָדערנער אינקוויזיציע פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

לויט מאַטעריאַלן פֿון „אינסטיטוט פֿאַר יידישע ענינים” האָבן אין נידערלאַנד (האָלאַנד) געלעבט אַרום דעם יאָר 1810, אַ סך־הכּל פֿון 16,882 יידן, — וועלכע האָבן זיך אין 123 יאָר אַרום פֿאַרצענ־פֿאַכט. אַזוי האָבן, לויט דער פֿאָלקסציילונג פֿון יאָר 1933 שוין געלעבט אין האָלאַנד 156,817 יידן, אָדער 1,8% פֿון דער באַפֿעלקערונג. פֿון זיי האָבן אַרום 66 טויזנט (דאָס הייסט 8% פֿון דער אַלגעמיינער באַ־פֿעלקערונג, געלעבט אין דער שטאָט אַמסטערדאַם. (אין די דאָזיקע צי־פֿערן גייען נישט אַריין די 25 ביז 30 טויזנט פּליטים יידן פֿון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע דאָס קליינע האָלאַנד האָט אויפֿגענומען ביי זיך אין לאַנד און זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן). — דער נישט־זייער גרויסער ישוב אין האָלאַנד האָט געזאַמלט פֿאַנטאַסטישע סכומים געלט פֿאַר די יידישע פּליטים. — אַ סך נישט־יידישע האָלענדער, האָבן, אומגעבעטענערהייט אַריינ־געשיקט זייערע טשעקס צום אַמסטערדאַמער יידישן פּליטים־קאָמיטעט. — דאָס לעצטע איז איבעריקנס קיין נייעס נישט געווען, אין דעם דאָזיקן לאַנד, וואו יידישע אינסטיטוציעס האָבן געהאַט זייערע עפֿנט־לעכע זאַמל־טעג און נישט קיין יידישע האָלענדער האָבן עס גע־

האַלטן פֿאַר אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט, אַריינצוּוואַרפֿן זייער נדבה אין דער פּושקעפֿון די יידישע זאַמלערס און אַריינשטעקן אין לאָץ אַ בלימל פֿון אַ יידישער צדקה אַנשטאַלט.

יידישע פּרנסות אין האָלאַנד. — לויט די אויבן דערמאָנטע מאַ־טעריאַלן, זענען 45 פּראָצענט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין האָלאַנד געווען באַשעפֿטיקט אין דער אינדוסטרי, 40 פּראָצענט אין מסחר און די איבעריקע 15 פּראָצענט אין אַנדערע פּראָפֿעסיעס. קיין אָרעמקייט, ווי למשל, אין מיטל אָדער מזרח־איראָפּע, האָט מען אין האָלאַנד נישט געקענט, הגם מ׳קען נישט באַהויפּטן, אַז אַלע האָלענדישע יידן זענען געווען גבירים — אָבער זענען דאָך פֿאַר יידן געשטאַנען אָפֿן אַלע מעגלעכקייטן פּונקט ווי פֿאַר נישט יידן. דאָס זעלבע מיט די בילדונגס־אינסטיטוציעס. — די אַלטע ערווירדיקע קהילות פֿון האָלאַנד האָבן פֿאַרמאָגט די שענסטע ביבליאָטעקן פֿון יידיש־איראָפּע, אַזוי ווי די „ביבליאָטעקאַ ראָזענטאַליאַנאַ״, די ליבראַריאַ דע מאָנטע־זינאָס״ זעליגמאַנס ביבליאָטעק, אויף וועלכער מ׳האָט געזאָגט אַז זי איז די רייכסטע פּריוואַט־ביבליאָטעק פֿון איראָפּע. — מיר האָבן שוין צום אָנהויב דערמאָנט די שטעלונג פֿון גייסטיקן האָלאַנד צו די יידן־רדיפֿות פֿון דייטשלאַנד און איז אפֿשר כּדאַי צו דערמאָנען איינעם פֿון די לעצטע אַקציעס פֿון דער אוניווערזיטעט אין אַמסטערדאַם, וועלכע, צוזעענדיק דעם איינפֿלוס פֿון די נאַציס אויף אַ געוויסן טייל פֿון דער האָלענדישער יוגנט (אַ דעמאָלט פֿאַרשוואונדיקער טייל) האָט אַזוי שפּעט ווי דעצעמבער 1939, 4 חדשים פֿאַר דער אינוואַזיע פֿון האָלאַנד, אָרגאַניזירט אַ מוטיקן פּראָטעסט־מיטינג קעגן די רדיפֿות אין דייטש־לאַנד. (עס טאָר דאָ נישט פֿאַרגעסן ווערן, אַז דאָס איז געווען נאָכדעם ווי דייטשלאַנד איז געשטאַנען אין אין מלחמה אין מערב־איראָפּע און דער שווערד איז געהאָנגען איבער האָלאַנד. — דער האָלענדישער קוויזלינג, מוסערט, האָט פֿון טאָג צו טאָג באַקומען מער חוצפּה און דער גאַנצער ענין האָט געקענט געניגן פֿאַר נאַצי־דייטשלאַנד אַלס אַ גוטער פּרעטעקסט פֿאַר דער געפּלאַנטער אינוואַזיע.

דאָס האָלענדישע פֿאָלק האָט אויך זיין שטעלונג צו יידן נישט געביטן נאָך דריי יאָר פֿון אָקופּאַציע און אינטענסיווער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע.

די פֿאָלגענדיקע צוויי רעדעס פֿון שעף פֿון דער האָלענדישער רעגירונג אין לאָנדאָן, ברענגען צום פֿולן אויסדרוק, נישט בלויז די מיינונג פֿון די האָלענדער אין אויסלאַנד, נאָר דאָס איז לויט אונזער מיינונג, דער אויסדרוק אַלס שליח צבור פֿאַרן גאַנצן האָלענדישן פֿאָלק.

## האָט פֿאַרטרויען, די בייזע כּוחות פֿון טיראַן וועלן נישט תּמיד באַהערשן די כּוחות פֿון גייסט!

דער האָלענדישער פּרעמיער־מיניסטער, פּראָפ. פּיעטער גערבראַנדי, רעדט צום האָלענדישן פֿאָלק און צו די יידן פֿון האָלאַנד, איבער דעם מאַסן גירוש פֿון האָלענדישע יידן און באַשטעטיקט אַן איבעריקן מאָל האָלאַנדס אָפֿיציעלע שטעלונג צו אונז יידן.

זינט אַ געוויסע צײַט האָבן די נאַצי־אויטאָריטעטן אין האָלאַנד, געצוואונגען עוואַקואירן די יידישע בירגער פֿון די קלענערע שטעטלעך און דערפֿער, און זיי געצוואונגען קאָנצענטרירן אין די געטאָס פֿון אַמסטערדאַם. אינצווישן ווערן די מאָגערע רעכט פֿון די יידן, אַלץ מער און מער פֿאַרשמעלערט; די סאַמע נייעסטע „פֿאַראָרדענונג" קומט פֿון נייעם נאַצישן בירגער־מייסטער פֿון האַג, אַ געוויסער וועסטראַ, פֿאַרביטנדיק די יידן זיך צו באַנוצן מיט אַלע גאַסן וואָס פֿירן צו די הויפּט־פּלעצער וואו ס'געפֿונען זיך די מלוכהשע אינסטיטוציעס.

לויט ידיעות פֿון ציריך, דערוויסן מיר זיך, אַז די מאַסן־דעפּאָרטאַציע פֿון האָלענדישע יידן קיין פּוילן און רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן דעם 23־טן יולי 1942. די אומגעפֿער, 60,000 יידן, וועלכע די נאַציס האָבן צונויפֿגעטריבן אין אַמסטערדאַמער געטאָ, וועלן אַוועקגעשיקט ווערן אין אַ טעמפּאָ פֿון 600 יעדן טאָג. יעדער פֿון די דעפּאָרטירטע, האָט אַ רעכט מיטצונעמען, נישט מער ווי 33 פֿונט באַגאַזש. אַלע אַנדערע פֿאַרמעגנס פֿון די פֿאַרטריבענע יידן ווערט קאָנפֿיסקירט פֿון די נאַציס.

די דאָזיקע ידיעות האָבן זיך באַשטעטיקט דורך דער שוועדישער צייטונג „ניאַ דאַגליגט אַלעהאַנדאַ", וועלכע גיט צו פֿאָלגענדיקע פּרטים: די דעפּאָרטירטע זענען אין עלטער פֿון 15 ביז 40 יאָר. מיט דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון האָלאַנד, וועלן די נאַציס „דיספּאָנירן" אין אַ סך ווייניקער צײַט ווי אַ יאָר.

די זעלבע שוועדישע צײַטונג גיט צו: אַז די דאָזיקע פֿאַראָרדענונג האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסע אויפֿרעגונג ביי דער גאַנצער האָלענדישער באַפֿעלקערונג. דאָס איז אַמבולטסטן קענטיק געוואָרן אינעם טאָג, ווען דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אַוועק. די נאַציס, מוראַהאָבנדיק פֿאַר ערנסטע קאָנסעקווענצן, האָבן פֿאַרשטאַרקט די פּאָליציי־וואַכן און אַרויסגערופֿן עקסטראַ כּוחות.

אין האָלאַנד זענען פֿאַרבליבן אַרום 120 טויזנט יידן און נאָך

אַנדערע 60 טויזנט „יידן“ וועמענס יידישקייט“ עס איז באַוויזן געוואָרן לויט די נאַצישע יידישע געזעצן.

אַזוי שנעל ווי די ידיעה איז באַקאַנט געוואָרן האָט פּרעמיער־מיניסטער פּיעטער ס. גערבראַנדי, געהאַלטן אַ רעדע אויפן לאָנדאָנער ראַדיאָ „אָראַנזש“ צום האָלענדישן פאָלק, פעסטשטעלנדיק, אַז די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס ברעכן אַ „יאָרהונדערטער אַלטע טראַדיציע“ זיי ברעכן אויך די האָלענדישע קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער „אַלע בירגער זענען גלייך פאַרן געזעץ“. די דאָזיקע דייטשע מאָסנאַמען זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס אומגעזעצלעכע דעפּאָרטירן פון טויזנטער פולבאַרעכטיקטע האָלענדישע בירגער קיין דייטשלאַנד און מן הסתם נאָך ערגעץ ווייטער צום מזרח. (מיר גיבן ווייטער דעם פולן טעקסט פון פּרעמיער־מיניסטערס רעדע ביזן סוף). נאָכדעם ווי דער פּראָפעסאָר האָט אָפּגעגעבן כבוד צו די האָלענדישע יידן, „וועלכע האָבן זייט אומגעדענקבאַרע צייטן געפונען אַ מקום מנוחה אין אונזער פאָטערלאַנד וואו זיי האָבן געלעבט אויף די גלייכע יסודות מיט אונז און געהאַט די געלעגנהייט מיטצואַרבעטן פאַר דער גרויסקייט פון לאַנד אין אַלע ספערן און געביטן“...

אין דער דאָזיקער טראַגישער שעה... — „אין דער דאָזיקער פאַר אונזער פאָלק, אַזוי טראַגישער שעה, דערמאָן איך זיך די נעמען פון אַזעלכע (יידישע) גדולים, ווי דער אַדוואָקאַט אשר, דער מאָלער איזראַעלס, (יוסף) די שרייבערס; קערידאַ און הייערמאַנס און, פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין דעם נאָמען פון פּאָעט דאַ קאָסטאַ, וועמענס פּראָזע און פּאָעזיע איך שאַץ פּערזענלעך אָפּ אַלס די נאָבעלסטע אויסדרוקן וואָס לעבן אין יידישן געדאַנק און אין דער זעלבער צייט אין געדאַנק פון האָלענדישן פאָלק.

„נישט צו מיר און אַוודאי נישט צו אייך, איז די דאָזיקע נייעס, ווי טרויעריק זי זאָל נישט זיין, געקומען אומדערוואַרט. אויב אימיצער בלעטערט דורך די פאַרשידענע דעקרעטן, וואָס דער שונא האָט אַרויסגעלאָזן קעגן די יידישע האָלענדער פאַר די לעצטע חדשים, וועט ער לייכט קענען פעסטשטעלן, אַז אַלע זענען געצילט אין דער זעלבער ריכטונג.

די געצוואונגענע דעפּאָרטאַציע פון יידן אין אַמסטערדאַמער געטאָ, די עפנטלעכע קענצייכענונג פון יידן מיטן געלן מגן דוד — אַזוי פרעמד פאַרן האָלענדישן גייסט — דער פאַרבאָט פאַר יידן צו באַטרעטן די שוועלן פון די היימען פון זייערע נישט יידישע שכנים מיטבירגער, דאָס פאַרביטן יידן אַרויסצוגיין פון זייערע היימען נאָך

באַשטימטע שעהן אין אָוונט, (קוירפֿין), דאָס פֿאַרביטן יידן צו פֿאָרן אויף בייסיקלס (אַן אַלגעמיין פֿאַרקערס־מיטל פֿון יעדן האָלענדער) און נאָך די גאַנצע ריי פֿון אַנטי־יידישן געזעצן, זענען אַלן צוזאַמען אויסן צוזאַמענצוטרייבן די 180 טויזנט יידישע בירגער פֿון דער נידערלענדישער מלוכה און באַגיין דעם פֿאַרברעכערישן אַקט, וועלכן זיי האָבן פֿאַר די לעצטע פֿאָר וואָכן מיט אַזאַ טאַראַראַם פּראָקלאַמירט. (דאָס אויסרייניקן האָלאַנד פֿון אירע יידן). מיר וויסן, אַז נישט בלויז מיר אַליין נאָר אַלע אונזערע לאַנדסלייט אין די אָקופּירטע טעריטאָריעס זענען זיך קלאָר וואוהין די דאָזיקע מאָסנאַמען פֿירן.

מיר האָפֿן, אַז איר וועט טו וואַלץ וואָס שטייט אין אייער מאַכט — זיך ווענדענדיק מיט אַ הייסן אַפּיל צו די האָלענדער, האָט פּרעמיער גערבראַנדי פֿאָרטגעזעצט, „ווייל איך ווייס, אַז איר זענט געבליבן דאָס וואָס איר זענט געווען האָבן מיר בטחון, אַז איר וועט טון אַלץ וואָס שטייט אין אייער מאַכט, כּדי צו העלפֿן די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן אין דער פֿינסטערער שעה פֿון זייער געשיכטע. דער שונא הערט אויך וואָס מיר רעדן, דעריבער וועל איך אייך קיין מיטל נישט אָנווייזן. איך וויל אייך נאָר זאָגן; הערט זיך צו צו אייער געוויסן און האַנדלט מיט קריסטלעכער רחמנות.

„אייער רעגירונג איז נאָך דערווייל נישט אומשטאַנד צו דערלאַנגען הילף און פֿאַרלייכטערן די צרות, וועלכע טויזנטער אַנדערע האָבן צו ליידן. מיר ווייסן, אַז דער שונא און זיינע נישטיקע לאָקייען גרייטן דעם זעלבן גורל פֿאַר נאָך 3 מיליאָן אַנדערע האָלענדער. — די באַטראָפֿענע פֿון די דאָזיקע גזירות מעגן געפֿינען אַ געוויסע טרייסט אין די ווערטער וואָס אַ יידישער האָלענדער האָט צו מיר געזאָגט: „די האָלענדישע יידן ליידן פֿאַר אַ לאַנד וואָס פֿאַרדינט מ׳זאָל דערפֿאַר ליידן”...

האָלענדער האָט דער פּרעמיער פֿאַרענדיקט: „לאָמיר אַלע תּפֿילה טון צו אונזער פֿאָטער אין הימל פֿאַר אַלע, וועלכע ליידן פֿון דער ברוטאַליטעט. מיר ווייסן וואָס פֿאַר אַ צער און אומענדלעכע ליידן די דאָזיקע מעשים פֿאַרשאַפֿן אייך. אָבער די, וועלכע פֿאַרבלייבן אינדערהיים מוזן זאַמלען כּוח און רואיקע נערוון. האָט בטחון און האַלט אויס! די טיראַנישע וואָפֿן וועלן נישט תּמיד באַזיגן די כּוחות פֿון גייסט.

ראַדיאָ־רעדע פֿון האָלענדישן פּרעמיער מיניסטער פּראָפֿעסאָר
ד״ר פּ. ס. גערבראַנדי אויף דער ראַדיאָ „אָראַנזש״* אין לאָנדאָן
לכבוד ראש השנה — תש״ג

„ווען מיר הערן די ידיעות וועגן די שרעקלעכע ענויים, וואָס די ייִדן האָבן זיך אויסצושטיין אין אַלע פֿון היטלער אָקופּירטע לענדער, צען זיך אונזערע הערצער צוזאַמען אין מיטלייד און טרויער.

„אויב מיר האָבן נאָך ביז איצטער, פֿון דערפֿאַרונג, נישט גע־לערנט אַז פֿאַר קיין פֿאַל איז נישט מעגלעך מיט היטלערן צו קומען צו אַן אָפּמאַך, אָדער אַן אויסגלייך, דאַן לערנען מיר עס איצטער פֿונם גורל פֿון די אייראָפּעיִשע ייִדן, מיט וואָס פֿאַר אַ טייוועלשער ליידנשאַפֿט עס ווערט געטריבן דער היטלער רעזשים.

„אָפּגעזען פֿון אונזערע מיטגעפֿילן מיט די אונטערדריקטע און געפּייניקטע, פֿילן מיר אַ טיפֿע דאַנקבאַרקייט, ווען מיר הערן, אַז צדקה און וואוילטעטיקייט בליען אין פֿאַרפֿינסטערטן אייראָפּע. פֿון אַלע לענדער, וואו דער אונטערדריקער הויפּט אַן צעטראַמפּלען די ציוויליזאַציע און מענטשלעכקייט, קומען צו דערזעלבער צייט ידיעות, ווי אַזוי די אַליין אונטערדריקטע באַפֿעלקערונג טוט אַלץ, כּדי צו באַשיצן די הילפֿלאָזע קרבנות פֿון די היטלעריסטישע האָרדעס. און אַ סך מאָל טוען זיי דאָס איינשטעלנדיק זייערע אייגענע לעבנס.

האָלאַנדס רעאַקציע צו די אַנטי־ייִדישע גזירות. — ווען די דייטשן האָבן, אין פֿעברואַר 1941, צום ערשטן מאָל אין האָלאַנד פֿאַרעפֿנטלעכט זייערע אַנטי־ייִדישע גזירות, האָט די האָלענדישע באַפֿעלקערונג אין קלענערע און גרעסערע שטעט געענטפֿערט מיט סטרייקס און פֿאַר אַ סך טעג האָט זיך דאָס לעבן אין לאַנד אָפּגעשטעלט. אָבער פֿון זינט דעמאָלט האָט דער שונא דעקרעטירט טויט־שטראָף פֿאַר יעדן סטרייק. אָבער טראָצדעם איז אים נישט געלונגען צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פֿון פֿאָלק פֿון האָלאַנד, ס׳איז אים נישט געלונגען צו צערייסן די אייניקייט, נישט קיין חילוק צו די גזירות גייען קעגן ייִדן, קאַטאָליקן צי פּראָטעסטאַנטן.

„אין מאַי 1942, האָט דער שונא פֿאַראָרדנט דאָס טראָגן פֿון געלן מגן דוד פֿאַר ייִדישע האָלענדער. די רעאַקציע פֿון די האָלענדער איז געווען אַ זאַפֿאָרטיקע; אומצייליקע נישט־ייִדישע האָלענדער האָבן זיך גלייך אַרויפֿגענייט דעם מגן דוד אויף זייערע קליידער. די טרע־גער פֿון מגן דוד, האָבן איבעריקנס געגאַסן זייער אַ סימפּאַטישע

* ראַדיאָ „אָראַנזש״ איז די האָלענדישע מלוכהשע ראַדיאָ־סטאַנציע אין לאָנדאָן.

אויפמערקזאַמקייט מצד דער באַפעלקערונג אין קאַפע־הייזער, אין טראַמווייען, אויף די גאַסן און וואו יידן האָבן זיך נאָר באַוויזן, האָבן האָלענדער פאַר זיי געצויגן די קאַפעלושן און זיי אָפּגעגעבן גרויס כבוד. — די דייטשן האָבן דאַן אָנגעהויבן אַ ווילדע העץ־קאַמפּאַניע קעגן די בראַווע האָלענדער ווען זיי האָבן אָנגערופן „יידן אָן מגן דודס".

דער דאָזיקער שטן־פּלאַן. — די צוואַנגס־דעפּאָרטאַציע פון די האָלענדישע יידן קיין פוילן האָט זיך איצטער ערשט אָנגעהויבן, דער שונא האָט מודיע געווען, אַז נישט איין איינציקער ייד, וועט בלייבן אין האָלאַנד נאָכן ערשטן יולי פון קומענדיקן יאָר 1943. ס'איז נאָך איצטער נישט די צייט צו רעדן עפנטלעך פון דעם אופן ווי אַזוי דאָס האָלענדישע פאָלק וועט זיך אַנטקעגנשטעלן — און שטעלט זיך — דעם דאָזיקן באַרבאַריזם, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן, מיט דער אייגענער זיכערקייט צו סאַבאָטירן דעם דאָזיקן פּלאַן פון שטן.

ווען דער טאָג וועט קומען. — אָבער ווען דער טאָג וועט קומען, ווען אַלע מעשים, וואָס זענען געטאָן געוואָרן פון די האָלענדער מיט מוט און זעלבסט־קרבנות פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע, וועט אַרויס אויף דער ליכטיקער שײַן פאַר דער גאַנצער וועלט, וועט מען זיך איבער־צייגן, אַז האָלאַנד האָט מיט אומצערברעכבאַרער לאָיאַליטעט און אי־בערגעבנהייט, טריי אָפּגעהיט אירע טראַדיציעס פון רעליגיעזער פריי־הייט און טאָלעראַנץ.

„ווי גרויס ס'זאָל נישט זיין די יידישע באַזאָרגטקייט און אַנגסט פאַרן גורל פון זייערע גלויבנס־ברידער אויפן אייראָפּעיִשן קאָנטי־נענט, בעט איך ביי זיי צו געדענקן די דאָזיקע פאַקטן. ווייל זיי אַנט־האַלטן אַן איידעלען צוזאָג פאַר דער צוקונפט.

ווען דער נאַציישער כוח וועט געבראָכן ווערן... — ווען גאָט וועט העלפן און מיר וועלן מיטן כוח פון אונזער וואָפן, צעברעכן דעם ברוטאַלן כוח פון די נאַצישע (דייטשע) האָרדעס, דאַן, בין איך איבערצייגט, וועלן די מענטשן פילן אַ קעגנזייטיקן רעספּעקט איינער צום אַנדערן. דאָס געמיינזאַמע לעבן אונטערן טיראַנס גזירות וועט טראָגן פרות און וועט ברענגען צו אַ בעסערער לעזונג פאַר די נאָך באַשטייענדיקע שוועריקייטן פון די יידן.

ווען מ'וועט אונז רופן וועלן מיר קומען און העלפן. — די ביטערע דערפאַרונג האָט אונז געלערנט, אַז ווען אין אַ וועלכן ס'איז לאַנד אויף דער וועלט באַשטייט אַ „יידן־פראַגע" איז זי עלול צו דינען אַלס ברען־מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציעס און כל מיני פורעניות, וועלכע ברענ־

געון סוף כּל סוף צו אַ וועלט סכּנה און מאַכן אַנדערע לענדער אומזיכער. וועלן האָלאַנד און די האָלענדער, הגם האָלאַנד האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פֿון קיין יידן פּראַגע און וועט עס אויך נאָך דער מלחמה נישט וויסן, קומען, אויב מ׳וועט עס פֿון זיי פֿאַרלאַנגען, כּדי צו העלפֿן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אַן עק צו מאַכן צו די נע ונדקייט און וואָגלענישן פֿון הונדערטער טויזנטער מענטשן (יידן) אַרום דעם כּדור הארץ.״ (נידערלאַנדס ניוס) ד. וו.

## האָלענדישע רעגירונג רופֿט האָלענדער אָפּצוהאַלטן דעמאָנסטראַציעס קעגן געלן „מגן דוד״

**בעת די דייטשן האָבן איינגעפֿירט דעם געלן מגן דוד אין האָלאַנד האָט די האָלענדישע רעגירונג אין לאָנדאָן דורך איר ראַדיאָ „אָראַנזש״ דערמאָנט די האָלענדער, אַז ווען די נאַצי־מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַן ענלעכן באַפֿעל קעגן די יידן אין בעלגיע, האָבן די בעלגיער אויף דעם געענטפֿערט מיטן אָנטון „געלע לאַטעס״ אַלס אויסדרוק פֿון סאָלידאַריטעט מיט זייערע יידישע מיטבירגער.**

**דער וואָרט־טרעגער פֿון דער האָלענדישער רעגירונג האָט געזאָגט:**

„עס זענען צו אונז דערגאַנגען באַריכטן, אַז די יידן אין האָלאַנד וועלן געצוואונגען ווערן צו טראָגן אַ מגן דוד, ווען זיי באַווייזן זיך אין דרויסן. מיר האָבן וועגן דעם נישט דערהאַלטן קיין באַשטעטיקונג. אויב דאָס איז אמת, זענען מיר אָבער זיכער, אַז איר וועט דערזען די בייזוויליקייט פֿון דעם באַפֿעל, וואָס איז אַ פֿאַרזוך פֿון די דייטשן פֿונאַנדערצוטיילן די יידישע און אַנדערע האָלענדער. דאָס זענען צעטיילונגען, וועלכע מיר האָבן קיינמאָל נישט געוואָלט האָבן. ווען די אָקופּאַציע־מאַכט האָט מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעגעבן אַן ענלעכן באַפֿעל אין בעלגיע, האָבן די בעלגיער דערויף געענטפֿערט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אַלע אָנגעטון דעם מגן דוד. מיר זענען זיכער, אַז איר וועט צוגרייטן און דורכפֿירן, אָן וועלכן עס איז אָפּהאַלט, אַלע שריט, וואָס זענען נויטיק אַרויסצואווייזן די נישט צעבראָכענע איינקייט פֿון אונזער פֿאָלק קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט״.

**די האָלענדישע רעגירונג האַלט אַ וואַכזאַם אויג אויף די געשעענישן און גיט כּסדרדיקע אָנווייזונגען קיין האָלאַנד דורך ראַדיאָ און אַנדערע געהיימע קאַנאַלן, און דאָס האָלענדישע פֿאָלק האַלט זיך געטרײַ בײַ די דאָזיקע אָנווייזונגען. — אַלס אילוסטראַציע קען דינען דער פֿאַקט וואָס בעת די לעצטע פֿאַרשטאַרקטע דעפּאָרטאַציעס האָבן די דייטשן פֿעסטגעשטעלט, אַז ס׳פֿעלן 70,000 יידן צום דעפּאָרטירן. די האָלענדער האָבן זייערע יידישע ברידער געלאָזן „פֿאַרשווינדן״ ביזן טאָג פֿון גאולה.**

# לוקסעמבורג

*Luxemburg*

## אין לוקסעמבורג האָבן יידן געלעבט
## כמעט אַ יאָר טויזנט

לוקסעמבורגס יידישער ישוב ווערט דערמאָנט אין דער געשיכטע פֿון דאָזיקן קליינעם לאַנד שוין אַזוי פֿרי ווי אין 13־טן יאָרהונדערט. ס׳זענען אָבער פֿאַראַן באַווייזן, אַז אין לוקסעמבורג האָבן יידן שוין געלעבט אין ניינטן יאָרהונדערט. די דאָזיקע פֿאַקטן זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַ שטיקל צייט איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. זייט דעם יאָר 1868 האָבן די יידן אין לוקסעמבורג געהאַט פֿולע גלייכבאַרעכטיקונג און די יידישע אינסטיטוציעס האָבן גענאָסן די זעלבע פּריווי־לעגיעס ווי די נישט־יידישע. — דער עקאָנאָמישער מצב פֿון די לוק־סעמבורגער יידן ביז דער אינוואַזיע, איז געווען אַן אויסגעצייכנטער און די באַציאונגען מיט דער נישט־יידישער באַפֿעלקערונג זענען אויך געווען זייער גוטע. פֿון די 3,144 יידן אין לוקסעמבורג, זענען נאָר אַרום 1,500 געווען געבאָרענע לוקסעמבורגער און דער רעשט זענען געווען פּליטים פֿון דייטשלאַנד און מזרח־אייראָפּעישע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר. כּדי בולטער צו אילוסטרירן די אַבסאָלוטע פֿריינטלעכקייט פֿון די לוק־סעמבורגער צו די יידן איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז פּונקט קעגנאיבער דעם פּאַלאַץ פֿון דער גרויסהערצאָגין האָבן זיך געפֿונען אַ ריי געשעפֿטן, וועמענס בעלי־בתּים עס זענען געווען פּוילישע יידן.

דעם 10־טן מאַי 1940 זענען די דייטשן אַריין אין לוקסעמבורג און שוין סוף מאַי האָבן זיך אָנגעהויבן די „אַריאַריזאַציעס" פֿון יידיש האָב און גוטס.

דעם רוב פֿון די לוקסעמבורגער יידן איז געלונגען זיך צו ראַ־טעווען פֿון לאַנד. בלויז אַרום 15 פּראָצענט פֿון דער יידישער באַפֿעל־קערונג איז געבליבן אין לאַנד, פֿון וועלכע אַ טייל איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין פּוילן און אַ טייל איז קאָנצענטרירט אינם שרעקלעכן טשעכאָסלאָוואַקישן געטאָ „טערעזיענשטאַט". לוקסעמבורג איז בכן איצטער „יודענריין" און די דייטשן באַטראַכטן דאָס לאַנד אַלס אַן אינ־טעגראַלן טייל פֿון רייך.

# די שטעלונג פון די לוקסעמבורגער צו יידן

די שטעלונג פון לוקסעמבורגער פאָלק לגבי די יידן אין דעם קליינעם פירשטנטום איז גוט באַקאַנט. לוקסעמבורגער האָבן אומצייי־ליקע מאָל ריזיקירט זייער לעבן און אויפגעגעבן זייער פרייהייט פאַר יידן. — לוקסעמבורגס רעגירונג אין אויסלאַנד האָט דורך איר מיניסטער אין וואשינגטאָן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג (דעם 21־טן יולי 1942 צום גרויסן פּראָטעסט־מיטינג אין ניו־יאָרק), אין וועלכער ער האָט אין די שאַרפסטע ווערטער פאַרדאַמט די יידן־פאַרפאָלגונגען און גערופן צו נקמה. דער מיניסטער ה׳ הוגאָ לע גאַלעי האָט געשריבן:

״איך בין באַקאַנט מיט די אומטאָלערירבאַרע ליידן פון מיינע יידישע מיטבירגער, ווערכע ווערן אומברחמנותדיק פאַרטריבן פון זייערע היי־מען און פון זייער היימלאַנד דורכן אַכזריותדיקן אונטערדריקער פון אונזער לאַנד. — אין דער שעה פון גסיסה האָבן די יידן פון לוקסעמ־בורג געהאַט די פולע סימפּאַטיע און הילף פון לוקסעמבורגער פאָלק און רעגירונג, וועלכע זענען אַליין קרבנות פון היטלערס באַרבאַרן״.

„מאַרטירטום איז קיינמאָל נישט פאַרביי אָן אַ צוועק. דאָס מאַרטירערטום, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעצוואונגען דעם יידישן פאָלק האָט געעפנט די אויגן פון דער וועלט און אינספּירירט מיליאָנען מענטשן זיך צו פאַרטראַכטן, וואָס אַ דייטשער זיג וועט מיט זיך ברענגען. דאָס האָט די וועלט אינספּירירט צום קאַמף״.

**„די רדיפות אויף די יידישע געמיינשאַפטן איבער דער גאָרער וועלט איז דער פּראָבלעם פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט״.**

**אַ פאַרשווינדנדיקער טייל פון לוקסעמבורגער יידישן ישוב האָט זיך געראַטעוועט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צווישן זיי דער יונגער און ענערגישער רב הכולל פון לוקסעמבורג ד״ר סערעברעניק, וועל־כער האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר די פּליטים. זיין אויפגאַבע וועט אויך זיין דער ווידעראויפבוי פון יידישן לעבן אין לוקסעמבורג.**

# נאָרוועגיע

*Norway*

## אַלע אומגערעכטיקייטן וועלן ווידער גוט געמאַכט ווערן

**פון יאָהאַן ניגאַארדסוואָלד**

פרעמיער מיניסטער פון נאָרוועגיע

„אין פאַר־מלחמהדיקן דעמאָקראַטישן נאָרוועגיע האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט קיין חלוק צווישן אַ נאָרוועגער פון איין רעליגיע און אַ נאָרוועגער פון אַן אנדער רעליגיע, אָדער גאָר צווישן איין ראַסע און אַ צווייטער. בירגער פון נאָרוועגיע זענען געווען פריי צו טון וואָס זיי האָבן געפונען פאַר גוט און ריכטיק.

די יידן אין נאָרוועגיע. — הגם נישט גרויס אין צאָל, זענען אין קיין שום עפּאָכע יידן נישט באַהאַנדלט געוואָרן ווי זייערע ברידער אין דייטשלאַנד; מ׳האָט זיי ביי אונז באַטראַכט פאַר וואָס זיי זענען געווען: מענטשן, מיטבירגער, ליב־האָבנדיק שלום פונקט ווי אַלע אַנדערע בירגער פון אונזער לאַנד; שווער אַרבעטנדיקע מענער און פרויען, צוגעבונדן צום קעניג און צו דער נאָרוועגישער פאָן מיט דער זעלבער ליבע און איבערגעבנהייט און מיטן זעלבן פּאַטריאָטיזם ווי יעדער לאָיאַלסטער נאָרוועגישער בירגער. — דאָס דאָזיקע לאַנד, וועלכעס זיי האָבן אַדאָפּטירט, לעבט איצטער איבער שווערע צייטן, און די יידן העלפן צום אויפבוי פון דער „היים־פראָנט" מיט דער זעלבער ענערגיע, ווי זיי האָבן געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון לאַנד אין די צייטן פון שלום. אַ סך יידן האָבן שוין געגעבן זייער לעבן פאַר דער געמיינזאַמער זאַך קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. די, פון וועלכע איך רייד דאָ, זענען נישט הינגעריכטעט געוואָרן אַלס משכּנות אָדער אַלס קרבנות פון אַ פּאָגראָם, נאָר געפאַלן אין אַקטיוון קאַמף און ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן! — אין נאָרוועגיע איז קיינמאָל קיין יידן־פּראָבלעם נישט געווען! די יידן זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ טייל פון דער געמיינשאַפט. ערשט ווען די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם דאָזיקן פרידלעכן לאַנד, האָבן זיי ערפונדן אַ „יידן־פּראָבלעם". זיי האָבן אינסצענירט אַנטי־יידישע דעמאָנסטראַציעס, אויסגעבראָכן פענצטער און אויפגעשמירט באַליידיקנדיקע לאָזונגען אויף די ווענט פון יידישע הייזער. מ׳האָט זיי באַרויבט פון זייערע פּרנסות און צוגענומען ביי זיי די בירגערשאַפט; מ׳לאָזט זיי פאַרהונגערן און מען מאַכט פאַר זיי די לופט

ענג צום אָטעמען; אָבער זיי זעצן פֿאָר דעם קאַמף קעגן דעם אונטער־דריקער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע נאָרוועגער.

אַט די אַלע אומגערעכטיקייטן װעלן װידער גוט געמאַכט װערן, װען נאָרוועגיע װעט װידער זיין אַ פֿריי לאַנד! — די יידן װעלן צוריק באַקומען זייער בירגערשאַפֿט און זייערע רעכט װעלן זיי צוריקגעגעבן װערן, און צוגלייך מיט אַלע אַנדערע נאָרוועגיער, װעט מען זיי העלפֿן װידער גוט מאַכן זייערע שאָדנס און זייערע ליידן״.

* *
*

דער יידישער ישוב אין נאָרוועגיע איז געװען איינער פֿון די יינגסטע עקזיסטירט קיין חילוק צווישן איין קלאַס און אַנדערן, איין רעליגיע אין אייראָפּע. ער הײבט אָן זיין יינגערע געשיכטע אייגנטלעך אין יאָר 1852. — די ערשטע צוויי יידן, װעלכע האָבן זיך אין יענעם יאָר באַזעצט אין נאָרוועגיע זענען געקומען פֿון דענעמאַרק. — אין משך פֿון די 91 יאָר האָט זיך דער ישוב פֿאַרגרעסערט און האָט געציילט אַרום 1,500 נפֿשות, אָדער 0,05 פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג. דער גרעסטער טייל פֿון זיי איז געקומען פֿון מזרח־אייראָפּע — על פּי רוב פֿון רוסלאַנד. זייער צאָל האָט אָנגעהויבן װאַקסן צוזאַמען מיט די ערשטע פּאָגראָם־כוואַליעס אין רוסלאַנד און האָט זיך באַדייטנד פֿאַרגרעסערט בעת דער ערשטער װעלט־מלחמה. דער גרעסטער און װיכטיקסטער טייל פֿון נאָרוועגיעס יידן האָט געלעבט אין דער הויפּטשטאָט אָסלאָ.

נאָרוועגישע יידן זענען געװען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער און כמעט אַלן האָבן אָנגעהערט צום קלאַס פֿון בעסערן גרויס־בירגער.

נישט קוקנדיק אויף די מוטיקע פּראָטעסטן פֿון דער נאָרוועגישער קירך און דער פֿריינטלעכער באַציאונג פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז עס די דייטשן, מיט דער הילף פֿון זייערע קוויזלינג־משרתים געלונגען אויסצוראָטן דעם נאָרוועגישן יידישן ישוב, און אַ חוץ פֿאַראיינצלטע יידן, װעלכע האָבן זיך געראַטעוועט קיין שוועדן און אַנדערע, װעלכע קעמפֿן אין די רייען פֿון די נאָרוועגישע גרילאַס (אָפֿט אַלס אָנפֿירער פֿון גערילאַ־אָפּטיילונגען) איז דער יידישער ישוב אין נאָרוועגיע אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן.

ק ע נ י ג  ה א אַ ק אָ נ ס  ר ע ג י ר ו נ ג אין לאָנדאָן האָט ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן אָפּגעגעבן דערקלערונגען אין שייכות מיט יידן. אָבער די װיכטיקסטע איז די פֿון פּרעמיער מיניסטער, אָפּגעדרוקט אין דער דייטש־יידישער צייטונג „אויפֿבוי״ אין ניו־יאָרק (זע אויבן).

# פיליפינען

*Philippines*

זייער ווייניק יידן וויסן, אַז אויף די דאָזיקע ווייט־געלעגענע אינזלען האָבן פרידלעך געלעבט אַרום אַנדערהאַלבן טויזנט יידן. בלויז אַרום טויזנט פון זיי זענען אַלטע תושבים, די איבעריקע זענען פריש אָנגעקומענע פליטים.

— פרעזידענט קעיזאָן באַזעצט פליטים אויף זיינע פריוואַטע גיטער.

אַ טייל פון די פליטים, וועלכע האָבן זיך געשעפטלעך נישט געקענט איינאָרדענען, האָט דער פרעזידענט פון די פיליפינישע אינזלען —איצטער שעף פון דער פיליפינישער גלות־רעגירונג אין וואַשינגטאָן— באַזעצט אויף זיינע אייגענע פאַרמעס אויף דער אינזל לוזאָן.

אויף אַ יאַפּאַנישער פראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע קעגן די יידן אויף די פיליפינען, האָט פרעזידענט קעיזאָן געפונען פאַר נויטיק צו ענטפערן מיט פאָלגענדיקער דערקלערונג, וועלכע מיר ברענגען מיט קליינע קיצורים:

## די קליינע צאָל יידן אויף די פיליפינען ווערט פון אונז רעספעקטירט

„כאָטש די יאַפּאַנער זענען זיכער נישט אויסן צו מאַכן קאָמפּלימענטן די יידישע בירגער און איינוואוינער פון די פיליפּין־אינזלען, קאָן מען אָבער פון דער גראָבער נאַצי־יאַפּאַנישער פּראָפּאַגאַנדע דערזען, אַז די יידן שטייען לאָיאַל און אַנטשלאָסן ביי דער זייט פון די אַנדערע גרופּן אין דער פיליפינישער באַפעלקערונג, איינשטעלנדיק זייער לעבן און פאַרמעגן אין דעם קאַמף קעגן די יאַפּאַנישע איינדרינגער.

„איך בין שטאָלץ מיט דעם דאָזיקן באַווייז פון דער גערעכטיקייט פון דעם פיליפינישן פרינציפּ פון רעליגיעזער פרייהייט. דאָס באַווייזט, אַז אַלע רעליגיעס אין מיין באַליבטן לאַנד העלפן איינס דאָס אַנדערע און קעמפן צוזאַמען דעם קאַמף פון פרייהייט.

„דאָס פיליפינישע פאָלק האָט אויף זיך ניט די שולד פון באַרבאַרישן און צעשפּאַלטנדיקן טעות פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם. זינט אונזער קאָמענוועלט איז געגרינדעט געוואָרן, האָבן די מערהייט פיליפינער, וועלכע זיינען קאַטאָליקן, געלעבט אין פריינדשאַפט מיט די ניט־קאַטוילישע שכנים — סיי פּראָטעסטאַנטן, סיי יידן, מאַכמעדאַנער אָדער אַנדערע רעליגיעס.

„די קליינע צאל יידן אין די פיליפינען ווערט רעספעקטירט דורך אונזער באפעלקערונג. נאכדעם ווי היטלער האט איינגעפירט די אפי־ציעלע רדיפות אין דייטשלאנד, האבן מיר אנגעבאטן אונזער גאסט־פריינטלעכקייט צו א צאל פליכטלינגע, וועלכע זענען געקומען אין אונזער לאנד און זיך שנעל צוגעפאסט צו אונזער לעבן. די דאזיקע מענטשן זענען שטילע, ענערגישע און פראדוקטיווע מענטשן; זיי זענען איצטער אן אנגעלייגטער און לאיאלער טייל פון דער פיליפינישער באפעלקערונג.

„איצט האבן די יאפאנער גענומען נאכמאלפעווען נאצי־דייטש־לאנד, אויסטראכטנדיק זייער אייגענעם נוסח פון אנטי־יידישע פרא־פאגאנדע און פארפאלגונגען.

„ס'איז פאראן א שארפער קאנטראסט צווישן דעם פרינציפ פון גלייכהייט, וואס ווערט פראקטיצירט דורך דעם פיליפינישן פאלק פון איין זייט, און דעם פרינציפ פון פאראורטייל און דיסקרימינאציע, וואס ווערט פראקטיצירט דורך די נאציס און די יאפאנער פון דער אנדערער זייט. דער דאזיקער קאנטראסט צייכנט אן נאך א געביט אין דעם מא־ראלישן קאנפליקט פון דער איצטיקער מלחמה. מיר וועלן זיגן אויך אויף דעם דאזיקן געביט פונקט ווי אויף אלע אנדערע געביטן. איך האף אויף דעם טאג, ווען אלע פעלקער פון דער וועלט וועלן ווידער קענען ארבעטן צוזאמען אויף א פרידלעכן און פרוכטבארן אופן אויפ־צובויען א בעסערע וועלט".

(—) מאנועל קעיזאן

פרעז. פון דער פיליפינישער קאמאנוועלט.

# פוילן
*Poland*

## פוילן וועט ווידער ווערן דער צענטער פון אייראָפּעאישן יידנטום

מיר האָפן אַנטקעגן יעדער לאָגיק, מיר גלויבן טראָץ אַלע בלוט־פאַרגליווערנדיקע ידיעות, וועלכע באַקומען זיך טאָג־טעגלעך פון פוילן, אַז די רשעים האָבן דאָך נישט באַוויזן אויסצוקוילענען די דריי מיליאָן פוילישע יידן. מיר כאַפּן זיך אָן אין אַ שטרוי — מיר זוכן טרייסט אין סתירותדיקע ידיעות, כדי צו פאַרשטומען דעם אינער־לעכן ווײ־געשריי אויפן חורבן פון גרעסטן יידישן קבוץ אין אייראָפּע.

מיר גלויבן, ווייל קיין שום מענטשלעכע געמיינשאַפט האָט נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ אומגעהויערן כוח און אויסדויער, ווי דאָס פוילישע יידנטום אין די קרוב פיר יאָר פון חורבן און פאַרניכטונג.

ווען מיר האָבן לעצטנס געלייענט פון אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — האָבן מיר דערין געגלויבט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס שוין זייט חדשים באַקומען מיר די איוב־בשורות, אַז די וואַרשעווער געטאָ איז „יודנריין".

איצטער, ווען דער אָנהויב פונם שונאס סוף זעט זיך שוין אַזוי באַװנט בעת אַלע מאַכן שוין פּלענער פאַר מאָרגן נאָכן נצחון, דאַרפן מיר יידן נישט פאַרגעסן, אַז טראָץ אַלע שחיטות און הריגות וועלן מיר אין באַפרייטן פוילן נישט בלויז אָנטרעפן אַ גרויסן טייל פון געבליבענע פוילישע יידן, נאָר אויך אַן עודף פון הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע די נאַציס האָבן צוזאַמענגעטריבן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, תפיסות און קאַטאָרגע־אַרבעט־לאַגערן פון פוילן.

די פוילישע גלות־רעגירונג, האָט אונז געגעבן אַלע מעגלעכע הבטחות, אין ווענעמס אויפריכטיקייט מיר ווילן נישט צווייפלען — פון דער אַנדערער זייט, הערן מיר ווי אַזוי די פוילישע אונטער־גרונד־באַוועגונג, וועלכע איז איצטער פאַקטיש דער רוב פון פוילישן פאָלק, העלפט און קאָאָפּערירט מיט די אומגליקלעכע פוילישע יידן.—

היינט קענען מיר ליידער קיין סך נישט אויפטון אָבער אַ שעה נאָכן נצחון — לאָמיר האָפן — וועט דאָס שווער־געפּרואווטע פוילישע יידנטום ווידער אַמאָל ווערן דער צענטער פון יידישער אויפמערק־זאַמקייט און יידישער טעטיקייט.

## פוילן וועט געבן אַ פרײַע און גערעכטע באַהאַנדלונג צו אירע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

ערשטע דעקלאַראַציע פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג,
18־טן דעצעמבער 1939...

אויסצוגן פֿון דער פּראָקלאַמאַציע פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג
אין אַנזשעו, פֿראַנקרייך 1939

„נישט אַריינגייענדיק אין די פּרטים ווי אַזוי ס'וועט אויסזען דער קומענדיקער פּוילישער שטאַט, איבערלאָזנדיק דאָס דאָזיקע צו דער דעציזיע פֿון באַפֿרייטן פּוילישן פֿאָלק, ווי אַזוי דאָס צוקונפֿטיקע פּוילן זאָל זיך געשטאַלטן, סאָציאַל, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, נאָכדעם ווי פּוילן וועט האָבן צוריקגעוואונען איר פֿרייהייט, האָט די רעגירונג דערקלערט: „דאָס נייע פּוילן וועט אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט פֿון קריסטלעכער ציוויליזאַציע און פּרינציפּן. פּוילן וועט זיין אַ דעמאָקראַטישע מלוכה.

די פֿרייהייט פֿון יחיד און בירגערלעכע רעכט וועלן זיין אַ טייל פֿון די דאָזיקע גרונט־פּרינציפּן, רעכטלעך אָפּגעהיט דורך אַ לעגאַלער רעגירונג, וועלכע וועט זיין אַ דירעקט געוויילטע קערפּערשאַפֿט אויסגעוויילט ערלעך פֿונם פֿאָלק און טראָגנדיק די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי דעם זעלבן פֿאָלק.

אויף די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געביטן, וועט דאָס נייע פּוילן פֿאַרווירקלעכן די פּרינציפּן פֿון יושר און גערעכטיקייט, די רעכט פֿון יעדערן פֿאַר אַרבעט און מיט באַזונדער אויפֿמערקזאַמקייט פֿאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן אויפֿן לאַנד און אין די פֿאַבריקן.

די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע האָבן, צוזאַמען מיטן פּוילישן פֿאָלק אָנטיילגענומען אין קאַמף און טריי געבליבן די פּוילישע מלוכה, פֿאַרזיכערט דאָס נייע פּוילן; גערעכטיקייט, אַ פֿרייע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אַנטוויקלונג און לעגאַלן שוץ".

## די פּוילישע רעגירונגס־דעקלאַראַציע פֿון 3טן נאָוועמבער 1940 אין לאָנדאָן

אויסצוג פֿון דער דעקלאַראַציע אין נאָמען פֿון דער פּוילישער רעגירונג צו די פּוילישע יידן אין לאָנדאָן, איבערגעגעבן דורכן אַרבעטס־מיניסטער יאַן סטאַנטשיק.

„דער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק און דער פּרעמיער מיניסטער אויבערשטער קאָמאַנדאַנט פֿון דער פּוילישער אַרמיי, האָבן אין מע־

רערע דעקלאַראַציעס אויסגעדריקט די אידייען פאַר וועלכע מיר קעמפן און לויט וועלכע מיר וועלן זיך ריכטן ביי דער ווידער־אויפשטעלונג פון פאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין באַפרייטן פוילן. איך וויל אייך נאָכאַמאָל פאַרזיכערן, אַז קיין שום זאַך וועט אונז נישט אָפהאַלטן פון אונזער אידעאַל צו פאַרזיכערן יעדן בירגער אין קומענדיקן פוילן, גלייכע פאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע רעכט. יידן אין אַ באַפרייט פוילן וועלן האָבן גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן מיט אַלע אַנדערע פוילישע בירגער. זיי וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע קולטורעלע און רעליגיעזע באַדערפענישן און מנהגים. אָט אַ דאָס וועט זיי פאַרזיכערט ווערן נישט בלויז דורך די געזעצן פון לאַנד, נאָר אויך דורך די געמיינזאַמע לײדן און קרבנות. די פויליש־יידישע בירגער, קעמפנדיק צוזאַמען מיט זייערע פוילישע קאַמעראַדן, פאַרדינען דער־מיט דאָס אומבאַשטרייטבאַרע רעכט אויף פרידלעכער אַרבעט און וואוילזיין אינם באַפרייטן פאָטערלאַנד".

## גלײַכע פליכטן, גלײַכע רעכט!

דערקלערונג פון פוילישן פרעמיער מיניסטער, גענעראַל שיקאָרסקי
אויף דער זיצונג פון פוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן,
דעם 4־טן יוני 1941.

„אין ניו־יאָרק האָב איך אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, מיט וועלכער איך האָב געהאַט לאַנגע קאָנפערענצן. די דעלעגאַציע האָט מיר איבערגעגעבן אַ מעמאָראַנדום, אויף וועלכן איך וועל איצטער ענטפערן: פוילן איז, צום באַדויערן, זייער אָפט דער „שעיר לעזאזל" צוליב אַ גאַנצע ריי אורזאַכן; פוילן איז צו אָפט האַסטיק באַשולדיקט געוואָרן, אונטער פאַרשידענע אַנדערע אורזאַכן, אין עקסטרעמען אַנטיסעמיטיזם און פאָגראָמען. — איצטער איז די לאַגע אינגאַנצן אַן אַנדערע. זי איז קלאָר אויסגעדריקט אין די ליבע־ראַלע פרינציפן, וועלכע זענען די מורי־דרך (וועג־ווייזער) פאַר דער ערלעך דעמאָקראַטישער שטעלונג פון דער דאָזיקער רעגירונג, לויט וועלכע עס וועלן אין קומענדיקן פוילן גילטן די פרינציפן פון גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן. די דאָזיקע פרינציפן וועלן אָנגעווענדט ווערן פאַר אַלע בירגער פון דער רעפובליק אָן שום חילוק פון גלויבן, נאַציאָ־נאַליטעט אָדער ראַסע. — אָט דאָס איז די שטעלונג פון דער פוילישער רעגירונג.

„איך וואָלט געוואָלט אונטערשרייכן, אַז קיין שום אַנדער שטעלונג אָדער צוגאַנג צו דעם דאָזיקן פראָבלעם וועט פון דער אַמעריקאַנער

אָדער בריטישער עפֿנטלעכקייט נישט אָנגענומען ווערן. זיי וועלן קעמפֿן קעגן היטלערס אידעאָלאָגיע געמיינזאַם מיט אונז, און מיר פֿאַרשטייען עס נישט אַנדערש. און איך צווייפֿל אויך נישט, אַז אויף דעם דאָזיקן באַשרענקטן געביט, אויף וועלכן מיר שטייען, וועלן די אויבן דערמאָנטע פּרינציפּן פֿון גלייכע רעכט און גלייכע פֿליכטן, סוף כּל סוף, טריאומפֿירן.

„ווער עס האַנדלט קעגן די דאָזיקע פּרינציפּן, האַנדלט קעגן די אינטערעסן פֿון זיין אייגן פֿאָלק".

דזיענניק פּאָלסקי, 6־טן יוני, 1941

# רעזאָלוציע פֿון דער פּוילישער רעגירונג פֿון 11 יוני 1941: — גלײַכע פליכטן און גלײַכע רעכט.

–דזיענניק פּאָלסקי פֿון 12־טן און דזשואיש כראָניקל פֿון 20־טן יוני, 1941.

אויפֿן סמך פֿון אויבן דערמאָנטן באַריכט פֿון פּוילישן פּרעמיער מיניסטער, גענעראַל שיקאָרסקי, האָט די פּוילישע רעגירונג אין לאָנדאָן אָנגענומען פֿאָלגענדיקע רעזאָלוציע, וועלכע איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דער פּוילישער און אין דער יידיש־ענגלישער פּרעסע אין לאָנדאָן — ווי אויבן אָנגעגעבן — און וועלכע איז אין יידישע קרייזן אָנגענומען געוואָרן מיט אָפֿענער סאַטיספֿאַקציע און אָן רעזערוון.

„די פּוילישע רעגירונג איז מסכּים מיט די פּרינציפּן, וועלכע דער פּרעמיער, גענעראַל שיקאָרסקי, האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זייענדיק אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אין שייכות מיט דער שטעלונג פֿון דער רעגירונג לגבי די יידן און דריקט אויס באַזונדערע סאָלידאַריטעט מיטן פּרעמיערס דעקלאַראַציע, וועלכע ער האָט אָפּגעגעבן פֿאַר דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג (נאַציאָנאַל־ראַט) דעם 4־טן יוני 1941, וועלכע לייענט זיך:

„אין איינשטימיקייט מיט דער אויפֿריכטיקער דעמאָקראַטישער שטעלונג פֿון דער רעגירונג, וועט דער פּרינציפּ פֿון גלייכע פֿליכטן און גלייכע רעכט אין צוקונפֿטיקן פּוילן, אָנגעווענדט ווערן צו אַלע בירגער אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע, ראַסע אָדער נאַציאָנאַליטעט".

אָט דאָס איז די שטעלונג פֿון דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע באַטראַכט יעדע אַנטיסעמיטישע שטעלונג אַלס שעדלעך.

די דאָזיקע שטעלונג איז נאָך באַקרעפֿטיקט געוואָרן מיט דער דערקלערונג פֿון גענעראַל שיקאָרסקי אויף אַ היסטאָרישן מיטינג פֿון פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט דעם 24־טן פֿעברואַר 1942 באַהאַנדלענדיק

דעם „טשאַרטער" פֿון די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינאָריטעטן. מיר ברענגען אַן אויסצוג פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער רעוויו" פֿון 15־טן מערץ 1942, וועלכע ציטירט עס פֿון אַן אָפֿיציעלער פּוילישער אויסגאַבע.

„די דאָזיקע דעקלאַראַציע (טשאַרטער) צייכנט בולט אָן אונזער שטעלונג צו די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מינאָריטעטן, וועמענס ליידן, באַזונדערס די יידישע צרות, מוזן אַרויסרופֿן די סימפּאַטיע פֿון יעדן ציוויליזירטן מענטשן. זייער צוטרויליכע שטעלונג לגבי פּוילן וועט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן ווערן".

## גענעראַל שיקאָרסקיס „טאָג־באַפֿעל" צו דער פּוילישער אַרמיי וועגן די יידן

„אייניקייט מוז איינגעפֿונדעוועט ווערן אין דער אַרמיי און ערלעכע וואָפֿן־ברידערשאַפֿט מוז הערשן. אַלע קריגערייען מוזן עלימינירט ווערן. מיין פּרינציפּ איז, אַז אַ סאָלדאַט וועלכער קעמפֿט איצטער פֿאַר דער געמיינזאַמער זאַך, גיט אַ גענוגנדיקן באַווייז, אַז ער איז אַ פּוילישער, אָפּגעזען פֿון זיין אָפּשטאַם אָדער רעליגיע. איך פֿאַרביט שטרענגסטנס אַרויסצואווייזן צו יידישע סאָלדאַטן אַ וועלכע נישט איז אומפֿריינט־לעכקייט דורך באַליידיקענדיקע אַרויספֿאָדערנדיקע באַמערקונגען, וועל־כע דערנידריקן די מענטשלעכע ווירדע. אַלע וועלכע וועלן דערויף עובר זיין וועלן שטרענג באַשטראָפֿט ווערן".

## דער פּוילישער נאַציאָנאַל־ראַט נעמט אָן אַ רעזאָלוציע פֿאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל

דעם 2טן יוני 1942 האָט דער פּוילישער נאַציאָנאַלראַט אָנגענומען פֿאָלגענדיקע רעזאָלוציע:

„דער פּוילישער נאַציאָנאַל־ראַט דריקט אויס זיין מיינונג, אַז אויף דער קומענדיקער שלום־קאָנפֿערענץ זאָל די יידן־פֿראַגע געלייזט ווערן אַלס אַ פּראָבלעם פֿון אַ פֿאָלק אָן אַ טעריטאָריע, וועמען עס דאַרפֿן געגעבן ווערן די מעגלעכקייטן צו אַ נאָרמאַלער אַנטוויקלונג אין די ראַמען פֿון אַן אייגענער מלוכה אונטער אַן אייגענער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

„דאָס יידישע פֿאָלק, וועלכעס האָט אין משך פֿון צוויי טויזנט יאָר באַוויזן זיין אויסערגעוויינטלעכע לעבנס־פֿעאיקייט, וואָס האָט אַרויס־געוויזן אַזאַ וויטאַליטעט פֿון זינט דעם צוזאַמענברוך פֿון זיין היס־טאָרישער מלוכה, טאָר נישט באַרויבט ווערן פֿון דער מעגלעכקייט פֿון האָבן אַן אייגענעם שטאַט אויף דער אייגענער טעריטאָריע".

„פוילנס פריינטשאפט און קאאפעראציע אויף דעם געביט, וועט אין באטראכט נעמען די דאזיקע יידישע אספיראציעס און זיי אונטער־שטיצן נאר אויף אזוי ווייט ווי ס'וועלן זיין די צילן פון די יידן אליין״.

דזשואיש סטאנדארד, 12־טן יוני 1942.

די דאזיקע רעזאלוציע איז באקרעפטיקט געווארן דורך א רעדע פון ה' אלגיערד גורקא, וועלכער האט אין נאמען פון גענעראל שי־קארסקי געהאלטן די דערעפענונגס־באגריסונגס־רעדע אויף דער קאנ־פערענץ פון דער נייער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין לאנדאן, דעם 16טן אויגוסט 1942. — דער ביי האט דער פארטרעטער פון פוילישן פרעמיער מיניסטער אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי אויפצוקלערן און באקעמפן די קאמענטארן, וואס א טייל פון דער יידישער פרעסע און עפנטלעכע מיינונג האבן געבראכט צום אויסדרוק נאך דער דערמאנטער רעזאלוציע.

באשטעטיקנדיק אמאליקע און איצטיקע סימפאטיעס פון פוילישן פאלק און פון דער פוילישער רעגירונג פאר די יידישע אספיראציעס און אנשטרענגונגען פאר א יידישער מלוכה אין ארץ ישראל, האט דער רעדנער אפגעלייקנט, אז די דערמאנטע רעזאלוציע פון פוילישן נאצ־יאנאל־ראט זאל האבן געהאט א וועלכע נישט איז פאלשע דיסקרי־מינירנדיקע טענדענצן לגבי יידן.

## די נאציס וועלן טייער באצאלן פאר זייערע גרוילטאטן קעגן יידן

אין א געשרעבענער דערקלערונג, האט פרעמיער שיקארסקי פאר־זיכערט, אז די פאראייניקטע פעלקער וועלן נישט פארגעסן די נאצישע גרוילטאטן קעגן די יידן, און ווען דער טאג פון רעכנשאפט וועט קומען, וועלן די נאצישע מערדער טייער באצאלן פאר זייערע פאר־ברעכענס. ער האט די דערקלערונג געמאכט אלס פרעזידענט פון דער קאנפערענץ פון די אליאירטע רעגירונגען, וועלכע האט אויפגענומען פלענער וועגן באשטראפן די שולדיקע אין טעראר קעגן דער באפעל־קערונג אין די נאצי־אקופירטע לענדער.

„מיר פארדאמען די פארברעכענס קעגן יידן — שרייבט שיקארסקי אין זיין ענטפער צו דער ענגלישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאנגרעס — פונקט ווי מיר פארדאמען די פארברעכענס קעגן אנדערע טיילן פון דער באפעלקערונג אין די אקופירטע לענדער. מיר גלויבן אבער, אז ראסן־אנגעהעריקייט, אדער רעליגיע פון דעם קרבן דארף נישט

זיין קיין אורזאַך פֿאַר נעמען אַן אַנדער שטעלונג צו דער גרויל־טאַט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן. עס האָט נישט קיין זין ספּעציעל צו דער־מאָנען די ליידן פֿון די יידן. נאָך מער, דאָס קען אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן אומדירעקטע אָנערקענונג פֿון די ראַסן־טעאָריעס, וועלכע מיר נעמען נישט אָן".

## דער פוילישער מיניסטער יאַן סטאַנטשיק צו די יידן.

ה' מיניסטער יאַן סטאַנטשיק, וועמענס פריינטשאַפט מיט יידן עס דאַטירט נאָך פֿון ווייט פֿאַר דער מלחמה, איז דער וואָרט־טרעגער פֿון דער פוילישער גלות־רעגירונג צו די יידן.

די פוילישע באַפעלקערונג ליידט צוגלייך מיט דער יידישער אונטער דעם שרעקלעכן יאָך פֿון געמיינזאַמען אונטערדריקער. — „...איך ווייס, אַז אונטער יידן באַשטייט די מורא אויב אין ווידער אויפֿגעבויטן פוילן וועט אַמאָל נישט דער אַנטיסעמיטיזם קומען צום אויסדרוק. אָבער איך בין טיף איבערצייגט אַז נישט. די פוילישע באַפעלקערונג ליידט צוגלייך מיט דער יידישער, אונטערן שרעקלעכן יאָך פֿון גע־מיינזאַמען אונטערדריקער.

„די פֿעדים, וועלכע פֿאַרבינדן די צוויי פֿעלקער, זענען קיינמאָל נישט אַזוי געשטאַרקט געוואָרן ווי איצטער אונטער געמיינזאַמע ליידן און געמיינזאַמען ווילן פֿאַר באַפרייאונג און געמיינזאַמער שנאה צום שונא.

„די דייטשן האָבן זיך גלייך פֿון אָנהויב, נאָך דער אינוואַזיע, געשפּילט מיטן געדאַנק אויסצושפּילן די פּאָליאַקן קעגן די יידן, אויפֿ־העצן דאָס פוילישע פֿאָלק מיטן אַנטיסעמיטישן סלאָגאַן. די דאָזיקע פּאָליטיק איז פֿולשטענדיק דורכגעפֿאַלן, נישט קוקנדיק אויף די געטאָ־מויערן און דער אַרבעט פֿון דער „געסטאַפּאָ", האָט די פוילישע באַ־פֿעלקערונג געפֿונען מיטלען און וועגן ווי אַזוי צוצושטעלן עסנוואַרג און מעדיקאַמענטן צו זייערע אומגליקלעכע מיטבירגער פֿון יענעם זייט פֿון די געטאָ־מויערן".

אַ פֿאָטאָגראַפֿישע קאָפּיע פֿון אַן אַפּיל פֿון די פוילישע אַרבעטער, וועלכער איז פֿאַרטיילט געוואָרן אונטערערדיש אונטער דער פוילישער באַפֿעלקערונג, געפֿינט זיך אין מיינע הענט. דאָס דאָזיקע פֿלוג־בלאַט באַשטעטיקט און באַקרעפֿטיקט די ברידערלעכע געפֿילן צו די יעניקע וועלכע זענען אָפּגעשלאָסן הינטער די ווענט פֿון געטאָ.

אויף ווי ווייט די פֿאָלקס־נשמה איז איצטער אומאויפֿנעמבאַר פֿאַר רעליגיעזע און ראַסן פֿאַרפֿאָלגונגען, קען מען זען פֿון פֿאַקט, אַז

די דייטשע באַמיאונגען צו שאַפן אַן אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי אונטער דער פירערשאַפט פון די געציילטע עטלעכע פּוילישע קוויזלינגס, זענען געווען אַ קאַמפּלעטער דורכפאַל.

די פראַגע אויב אין פּוילן זענען פאַראַן צופיל יידן און אויב זיי וועלן דאַרפן עמיגרירן, קען מען ענטפערן יאָ און ניין.

די צוריקגעשטאַנענע פּוילישע ווירטשאַפט איז נישט בכוח אויפצונעמען אַ גרעסערן יידישן עלעמענט, בעת הונדערטער טויזנטער פּאָלאַקן זענען געווען אַרבעטסלאָז און גלעבט אין נויט. ווען אַנדערע פעלקער וואָלטן געהאַט אַ פרייע קוואָטע, וואָלטן נישט בלויז יידן נאָר אויך פּאָליאַקן עמיגרירט, כדי צו געפינען בעסערע לעבנס־מעגלעכקייטן".

דאָס צוקונפטיקע פּוילן. — „דאָס קומענדיקע פּוילן, וועט אַנטוויקלען איר אינדוסטריעלע עקאָנאָמיע, זי וועט איבעראַרבעטן איר אייגזייטיקע עקאָנאָמישע סטרוקטור, פון אַן אַגריקולטור לאַנד אין אַ געאייגנטן אינדוסטרי־לאַנד וואו פּאָלאַקן און יידן, אַזוי גוט ווי אַנדערע מינאָריטעטן וועלן האָבן ברויט און אַרבעט.

„מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז מיר וועלן זיך אומקערן אין אַ פּוילן פון חרובע שטעט און דערפער, רואינירטע אינדוסטריען און פאַרלאָזן פון אַלע קולטורעלע און אינטעליגענטע עלעמענטן.

„און אונזער ווידער־אויפבוי פון פּוילן וועלן מיר זיך נויטיקן נישט בלויז אין מענטשלעכע הענט נאָר אויך אין מענטשלעכע מוחות. אָפּגעזען פון יעדנס באַשעפטיקונג און אָפּגעזען אויב דער מענטש איז אַ ייד אָדער אַ פּאָלאַק. אַלע וועלן נויטיק זיין פאַרן ווידער־אויפבוי פון נייעם פּוילן".

„נייעס בולעטין פאַר מזרח־אייראָפּעאישע ענינים" 26 אַפּריל 1941.

אויסצוג פון דער גרויסער רעדע פון מיניסטער יאַן שטאַנטשיק אין דער „פעדעראַציע פון פּוילישע יידן" אין ענגלאַנד און אירלאַנד—לאָנדאָן 1942

יידישע סענטימענטן פאַר פּוילן. — „... איבער דער גאַרער וועלט האָבן יידן אַ געפיל צו פּוילן, וועלכעס זיי האָבן נישט פאַר קיין שום אַנדער לאַנד. ווען איך בין לעצטענס געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָב איך געהאַט די צופרידנקייט פעסטצושטעלן די גרויסע מאַסע יידיש־אַמעריקאַנער בירגער, וועלכע שטאַמען אַליין אָדער האָבן אַ קרובהשאַפט מיט פּוילן. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אַליין פעסטצושטעלן די געפילן פון אַמעריקאַנער און קאַנאַדישע יידן צו פּוילן. בעת אַ סך מיטינגס און פּריוואַטע שמועסן האָב איך געהאַט

די געלעגנהייט צו זען די צוגעבונדנקייט פון יידן פון דער וועסטלעכער העמיספער צו פוילן, וועלכעס זיי רופן אן: „אונזער אלטע היים״.

איך האב נישט געהאט בדעה — האט דער מיניסטער פארט־געזעצט, צו איגנארירן די פראגע, וועלכע א סך יידן האבן מיר געשטעלט, נעמלעך: וועט דאס צוקונפטיקע פוילן, אין וועמענס ווידער־אויפלעבונג מיר גלויבן פעסט, זיין א דעמאקראטיע, וועלכע וועט גאראנטירן בירגערלעכע רעכט צו אלע אירע בירגער, יידן איינגעשלאסן?

אין נאמען פון דער פוילישער רעגירונג און פארן פוילישן פאלק האב איך געהאט דאס פארגעניגן צו ענפערן אויף דער דאזיקער פראגע מיט איין ווארט: יא! איך גלויב פעסט, אז נאך דער מפלה פון היטלעריזם, נאך דער אויסראטונג פון דער בארבארישער ראסן־טעאריע, וועט דאס נייע פוילן זיין א לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט אין בערגער־לעכע רעכט און סאציאלער גערעכטיקייט פאר אלע אירע בירגער. איך גלויב אויך פעסט, אז די גאנצע וועלט וועט דאמינירט ווערן פון די אידעאלן און פרינציפן פאר וועלכע אלע פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער קעמפן איצטער קעגן היטלעריזם, פאשיזם און טיראניע.

אין דעם פוילן צו וועלכן מיר גייען איבער יסורים און קאנצענ־טראציע־לאגערן, איבער דער שאנד פון די געטאס און מאסן־מארדן דורך דערשיסונגען, איבערן העלדישן קאמף פון דעם פשוטן פאלק אינדערהיים און דעם קאמף פון די סאלדאטן, פליער, און מאטראזן פון פרייען פוילן ביי דער זייט פון אונזערע פארבינדעטע; אין דעם פוילן וועט קיין פלאץ נישט זיין פאר פאליטישע, עקאנאמישע און געזעלשאפטלעכע אומגערעכטיקייטן.

איך ווייס, מיר וועלן זיך אומקערן אין א פריי, אומאפהענגיק פוילן, א פוילן מיט גערעכטיקייט פאר אלעמען. אבער דאס וועט זיין א מוראדיק פארוויסט פוילן, מיר וועלן זיך אומקערן צו א פאלק, וועלכעס האט דורכגעלעבט גיהנומדיקע ענויים. אין דעם פוילן וועלן מיר נישט בלויז מוזן אויסבויען חרובע שטעט, נאר אויך דעם חרובן עקאנאמישן מצב. מיר וועלן נישט בלויז דארפן האבן רוי־מאטעריאלן, מאשינען און געלט נאר אויך מענטשלעכע הענט און מענטשלעכע מוחות צו דער ארבעט. אויב מיר ווילן אלזא, אז יעדער מאן און פרוי אין נייעם פוילן זאל פארדינען נישט בלויז פרייהייט נאר אויך ארבעט, ברויט און קאמפארט, דאן מוזן מיר אלע וועלכע לעבן אין דער פרייער וועלט ווייט פון שונאס האס און ווייט פונם גיהנום, וועלכן ער האט באשאפן אויף דער ערד, דאן מוזן מיר גרייט זיין צו טון אלץ וואס שטייט אין אונזער מאכט פארן ווידעראויפבוי פון א באפרייט פוילן״.

## יוגאָסלאַוויע

*Yngoslavia*

# יוגאָסלאַוון און יידן האָבן זיך תמיד קעגנזייטיק געהאָלפן

היסטאָרישע באַווייזן אין די צענדליקער ווייזן צוריק אויף אַזוי ווייט, ווי אין 12־טן און 13־טן יאָרהונדערט, בעת די גרויסע קרייץ־צוגן (מסעות הצלב) פון די דעמאָלסטיקע, על פי רוב דייטשע קרייץ־ריטער, וועלכע אויפן וועג „אויסצולייזן" ארץ־ישראל, האָבן אויס־געקוילעט הונדערטער טויזנטער יידן און פאַרוויסט טויזנטער יידישע קהילות, האָבן די סערבן אונטער די מעכטיקע דינאַסטיע פון די נעמאַניטש׳ס, אַריינגעלאָזן די יידן און זיי נישט בלויז געגעבן די מעגלעכקייט צו ראַטעווען זייערע לעבנס, נאָר אויך די מעגלעכקייט צו דערהאַלטן זייער לעבן דורך האַנדל און מלאכה. נאָך יאָרהונ־דערטער שפּעטער בעת סערביעס אימפּעריע האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט איבער די גרענעצן פון די באַלקאַנען האָבן יידן דעמאָלט געפירט מסחרים פאַר די סערבן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל ביז ווין און פון די ברעגעס פון דער אַדריאַ ביזן שוואַרצן ים.

נאָכן צוזאַמענברוך פון דער סערבישער אימפּעריע, ביים סוף פון 14־טן יאָרהונדערט, האָבן די יידן ווייטער געלעבט אין לאַנד און אָנגעהאַלטן די בעסטע באַציאונגען מיט זייערע סערבישע שכנים, געטראָגן מיט זיי צוזאַמען דעם עול פון אַ צווייענדיקן גלות און צו־זאַמען אויסגעחלומט דעם פרייהייטס חלום.

יידן האָבן געהאָלפן באַוואָפנען סערבישע אומאָפּהענגיקייטס־קעמפער פון יאָר 1804. — עס וואָלט אונז צו ווייט פאַרפירט, ווען מיר וואָלטן זיך דאָ אַריינגעלאָזן אין היסטאָרישע פאָרשונגען וועגן געמיינזאַמען קאַמף פון יידן און סערבן פון די אַלטע צייטן ביזן היינ־טיקן טאָג, אָבער אין אַ קעמפערישע צייט ווי מיר לעבן איצטער, אין אַ צייט, ווען אַ גאַנצע וועלט קעמפט פאַר איר לעבן און פרייהייט, ווען אַלע פעלקער האָבן זיך צוזאַמענגענומען, כדי צוריקצוגעווינען די אַזוי גיך פאַרלוירענע פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, לוינט זיך צו דערמאָנען, נישט אָן אַ געוויסן שטאָלץ, די אָנערקענונג, וועלכע די סערבן טראָגן פאַר אונז דערפאַר, וואָס אין יאָר 1804 בעת די גרינ־דער פון דער איצטיקער סערבישער, אָדער בעסער; יוגאָסלאַווישער דינאַסטיע האָבן געקעמפט קעגן דעם מעכטיקן אָטאָמאַנישן אימפּער־

יום פֿאַר זייער אייגענער אומאָפּהענגיקייט, האָבן די יידן פֿון דעם קליי־נעם שטעטל זעמון, פֿון יענער זייט בעלגראַד, איבער דער דאַנאַו און סאַוואַ, צוגעשטעלט געווער און אַמוניציע צו די קעמפֿנדיקע סערבן און זיי געהאָלפֿן געווינען זייער אומאָפּהענגיקייט. — די סערבן און שפּעטער די יוגאָסלאַוון האָבן עס די דאָרטיקע יידן קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן.

זאָל נאָך דאָ דערמאָנט ווערן, אַז פֿון דעם דאָזיקן שטעטל האָט געשטאַמט דר. טעאָדאָר הערצל, דער פֿאָטער פֿון אונזער מאָדערנער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

יידישער אָנטייל אין דער באַלקאַן־מלחמה פֿון 1912 און אין דער וועלט־מלחמה פֿון 1914—1918. — גרויס איז די ליסטע פֿון יידישע סאָלדאַטן און אָפֿיצירן אין דער סערבישער אַרמיי בעת די באַלקאַן־מלחמות פֿון די יאָרן 1912 און שפּעטער אין דער וועלט־מלחמה פֿון 1914 ביז 1918. נישט בלויז אויפֿן שלאַכט־פֿעלד וואו יידישע גענעראַלן, ווי אברהם ברכה, און אַנדערע העכערע אָפֿיצירן האָבן זיך דערדינט צו די סאַמע העכסטע מיליטערישע אויסצייכענונגען, וואו דער אָנטייל פֿון יידן אין דער סערבישער אַרמיי איז ווייט אַריבער־געשטיגן זייער פּראָצענט אין דער צאָל פֿון דער לאַנד באַפֿעלקע־רונג. ווי עס איז סטאַטיסטיש נאָכגעוויזן.

אָבער נישט בלויז אויפֿן מיליטערישן נאָר אויך אויפֿן פּאָלי־טישן געביט האָבן סערבן און יידן צוזאַמענגעאַרבעט אין אַ צײַט ווען דאָס איז נאָך ביי אַנדערע פֿעלקער געווען כמעט אַן אוממעגלעכקייט. — דער קלוגער און ליבעראַלער ניקאָלאַי פּאַשיטש, פּרעמיער פֿון סערביע ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שוין דעמאָלט פֿאַרשטאַ־נען די אומגעהויערע וויכטיקייט פֿון קאָאָפּעראַציע מיטן אַמערי־קאַנער יידנטום און אַהערגעשיקט אַ מיסיע פֿון אָנגעזעענע יידן; בראש פֿון וועלכער עס איז געשטאַנען דער אויבער־ראַבינער ד״ר אַלקלעי און דער נאָר־וואָס יונג פֿאַרשטאָרבענער דר. אַלבאַלאַ.

דער גראַנדיעזער קבלת פנים פֿון ארץ ישראל צום יוגאָסלאַווישן קעניג און דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג. — די רעדע פֿון יוגאָסלאַווישן בילדונגס־מיניסטער, ד״ר מילאַש טריפֿונאָוויטש, אין דער העברעאישער אוניווערזיטעט

דער גורל האָט עס אַזוי געפֿירט, אַז די ערשטע סטאַנציע פֿון יוגאָסלאַווישן קעניג און דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג איז געווען ארץ־ישראל. דער קעניג האָט אַ לענגערע צײַט געוואוינט אין אַ

יידישער ווילע אין ירושלים (די ווילע פֿון ה׳ שאַטען) — דער קעניג איז איבעריקנס נישט קיין פנים חדשות פֿאַר א״י. דער קרן קימת האָט צוויי וועלדער אויף די נעמען פֿון זיין פֿאָטער, קעניג אַלעקסאַנדער און זיין זיידן, קעניג פּעטער. די יידן פֿון ארץ ישראל האָבן די הויכע געסט אויפֿגענומען מיט דער אמתער יידישער מדה פֿון הכנסת אורחים, ווי נאָר ארץ ישראל קען עס. די ירושלימער אוניווערזיטעט האָט געגעבן אַן אָפֿיציעלן קבלת פנים פֿאַרן קאַבינעט מיט האַרציקע רעדעס און נאָך האַרציקערע ענטפֿערס.

אויף די באַגריסונגען מצד דעם רעקטאָר פֿון דער אוניווערזיטעט און דעם דעקאַן פֿון דער מעדיצינישער פֿאַקולטעט, האָט געענטפֿערט דער בילדונגס־מיניסטער ה׳ מילאָש טריפֿונאָוויטש: „דער יוגאָסלאַווישער קאַבינעט און איך אַליין אַלס בילדונגס־מיניסטער פֿון יוגאָסלאַוויע, אַזוי גוט ווי אונזערע יוגאָסלאַווישע לאַנדסלייט, דאַנקן אייך — פֿריינד אונזערע — דערפֿאַר, וואָס איר האָט אונז געגעבן די געלעגנהייט זיך צו טרעפֿן מיט דער אינטעלעקטועלער עליטע פֿון דער העברעאישער וועלט אין ירושלים. מיר זענען גליקלעך אייך דאָ צו באַגריסן און דורך אייך איבערשיקן אונזער גרוס צו אַלע יידן.

„אין די דאָזיקע טעג, ווען די וועלט איז אויסגעשטעלט צו שרעקלעכע נסיונות, זענען די שווערסטע און ברוטאַלסטע נסיונות די פֿון יידישן פֿאָלק. מיר שטייען פֿאַר דער באַרבאַרישער וועלט־אויפֿפֿאַסונג פֿון דער נאַצישער „נייער אָרדענונג״, לויט וועלכער זיי זענען די „הערן־ראַסע״ בעת אַלע קלענערע פֿעלקער זענען די אונטערמענטשן, און דעריבער מוזן זיי אונטערגעאָרדנט ווערן. פֿאַר אייך יידן האָבן זיי אַ גאַנץ באַזונדערע גיפֿטיקע שנאה. — און די וועלט שטייט און וואונדערט זיך: צו וואָס אָט די דאָזיקע ווילדע שנאה? — מיר ווייזט עס אויס ווי דער קאַמף צווישן צוויי וועלטן — די ערשטע אַ באַרבאַריש ווילדע, די אַנדערע אַ סובטעל איידעלע, הן אין גייסט און הן אין מאַטעריע. און באַרבאַריזם האָט זיך קיינמאָל נישט פֿאַרטראָגן מיט גייסט.באַרבאַריזם האָט גענוצט אַלע כוחות קעגן גייסטיקייט און איידלקייט.

„מיר, סערבן, קראָאַטן און סלאָווענער זענען שטאָלץ זיך צו באַרימען, אַז די צייטן פֿון דער סערבישער און שפּעטער יוגאָסלאַווישער מלוכה, האָבן די יידן ביי אונז געהאַט די זעלבע רעכט, ווי אַלע אונזערע בירגער און אַזוי אויך דערפֿילט זייערע פֿליכטן. די הויפּטשטאָט פֿון יוגאָסלאַוויע, האָט אַ סך מאָל געשיקט אַ יידן אַלס איר פֿאַרטרעטער אין פֿאַרלאַמענט.

**„עס איז פֿאַר מיר דעריבער אַ גרויס פֿאַרגעניגן צו פֿאַרברענגען די דאָזיקע שעה אין אייער געזעלשאַפֿט, צו באַזוכן און באַוואונדערן אייערע הערלעכע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. — נאָכאַמאָל, אַ גרויסן דאַנק אייך!"**

## יוגאָסלאַוויע האָט די ערשטע אָנערקענט די באַלפור־דעקלעראַציע

**גענוי 40 טעג נאָך דער פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿון דער באַלפֿור־דעקלע־ראַציע, האָט דער דעמאָלסטיקער שעף פֿון דער סערבישער מלחמה־מיסיע אין וואַשינגטאָן און שפּעטער פּרעמיער־מיניסטער און אויסערן־מיניסטער פֿון באַפֿרייטן יוגאָסלאַווישן קעניגרייך, מילענקאָ וועסניטש, געשיקט פֿאָלגענדיקן בריוו צום סערבישן ציוניסטישן עסקן, קאַפּיטאַן אַלבאַלאַ, — דעמאָלט אַ מיטגליד פֿון דער יידישער מיסיע, וועלכע די סערבישע רעגירונג אונטער דער פּרעמיערשאַפֿט פֿון גרויסן מלוכה־מאַן פּאַשיטש, האָט געשיקט קיין וואַשינגטאָן.**

סערבישע מלחמה-מיסיע
אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן
פֿון אַמעריקע

**וואַשינגטאָן 27 דעצעמבער 1917**

טייערער קעפּטן אַלבאַלאַ :—

„איך בעט אייך אויסצודריקן צו אייערע יידישע ברידער אין נאָמען פֿון דער סערבישער רעגירונג און אין נאָמען פֿון גאַנצן סערבישן פֿאָלק, אונזערע געהויבענע געפֿילן אין דער אויסזיכט פֿון דער ווידעראויפֿלעבונג פֿון דער יידישער מלוכה אין ארץ ישראל.

„די דאָזיקע אַקציע (פֿון ווידעראויפֿשטעלונג פֿון אַ יידישער מלוכה) איז אין פֿולן איינקלאַנג מיט זייערע (די יידישע) אומ־צייליקע מעלות און זייערע אומבאַצווייפֿלטע רעכט דערפֿאַר, פֿאַר זייערע רעכט ווידער אויפֿצונעמען אַ חשובע פּאָזיציע אין דער משפחה פֿון די פֿעלקער. — איך בין איבערצייגט, אַז די פֿאַרווירקלעכונג פֿון זייערע אידעאַלן וועט ברענגען גוטס, נישט בלויז פֿאַר זיי אַליין נאָר וועט אויך דינען פֿאַרן וואוילזיין פֿון דער גאַנצער מענטשהייט.

„איר, טייערער קעפּטן אַלבאַלאַ, ווייסט עס דאָך אַמבעסטן אַז ס'איז נישטאָ פֿאַראַן קיין אַנדער פֿאָלק אויף דער וועלט,

וועלכעס סימפּאַטיזירט מער פֿאַר דער סערבישער נאַציע מיט אייערע אידעאַלן און שטרעבונגען.

„זיצן מיר דען אויך נישט אויף די טייכן פֿון בבל און פֿאַרגיסן טרערן — ווייט פֿון אונזער ליבן פֿאַרלוירענעם פֿאָטערלאַנד. ווי אַזוי וואָלטן מיר דען געקענט אַנדערש האַנדלען, ווי טיילן אונזערע ליידן און אונזערע האָפֿענונגען און אידעאַלן מיטן יידישן פֿאָלק. נעמענדיק דערצו נאָך אין אָנבאַטראַכט, אַז אונזערע אייגענע סערבישע ברידער יידן האָבן געקעמפֿט פֿאַרן סערבישן פֿאָטערלאַנד פּונקט אַזוי בראַוו און העלדיש ווי די בעסטע זין פֿון סערביע.

„מיר וועלן אופֿריכטיק באַדויערן פֿאַר יעדן איינציקן יידן (אַפֿילו פֿאַר איין איינציקן יידישן בירגער) וואָס וועט פֿאַרלאָזן סערביע כּדי זיך אומצוקערן אין צוגעזאָגטן לאַנד.

„אָבער מיר וועלן זיך טרייסטן מיטן געדאַנק און מיט דער האָפֿענונג, אַז זיי וועלן לאָזן ביי אונז אַ שטיק פֿון זייער האַרץ און אַזוי אַרום פֿאַרבונדן די שטאַרקסטע פֿעדים צווישן פֿריי ישראל און סערביע.

„פֿאַרזיכערנדיק אייך, טייערער קעפּטן אַלבאַלאַ, מיין טיפֿן דרך ארץ

בין איך אייער

וועסניטש".

## דאָס יוגאָסלאַווישע פֿאָלק האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין באַזונדערן יידן־סטאַטוט; מיר זעען אויך נישט קיין יידן־פּראָבלעם אין דער צוקונפֿט

דערקלערונג פֿון גענ. פּרעמיער־מיניסטער, שעף פֿון דער קעניגלעכער יוגאָסלאַווישער רעגירונגס־מיסיע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, באָגאָליוב יעווטיטש, צום פֿאַרבאַנד פֿון יוגאָסלאַווישע יידן אין אַמעריקע, דעם 6־טן אויגוסט 1942.

**דאָס יוגאָסלאַווישע פֿאָלק האָט קיינמאָל נישט געקוקט אויף די יידן, ווי אויף אַ סוביעקט פֿאַר אַ באַזונדערן סטאַטוט אין אונזער פֿרייער געמיינשאַפֿט. מיר זעען אויך אַזאַ זאַך נישט פֿאָרויס און די פֿראַגע שטעלט זיך נישט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן יוגאָסלאַוויעס עתיד".**

יידן האָבן תּמיד געגאָסן פֿון גלייכע רעכט, — „פֿון זינט די ערשטע טעג פֿון סערביעס אומאָפּהענגיקייט, האָבן אונזערע יידן געגאָסן פֿון די זעלבע רעכט ווי אַלע אַנדערע בירגער. יידן זענען תּמיד געווען גוטע פּאַטריאָטן. נעמט למשל די צייטן ווען סערביע האָט אויסגעקעמפּט איר פֿרייהייט־מלחמה, אָדער שפּעטער די מלחמות פֿון באַלקאַן (1912) און די לעצטע וועלט־מלחמה וועלכע האָט גע־פֿירט צו דער פֿאַראייניקונג פֿון דער דרום סלאַווישער מלוכה. בעת אַלע די דאָזיקע מלחמות פֿאַרן געמיינזאַמען אידעאַל, פֿאַר זייער פֿאָ־טערלאַנד, האָבן יידן העלדיש און בראַוו געקעמפּט".

יידן זענען געווען לאָיאַלע בירגער פֿון יוגאָסלאַוויע. — די דאָזיקע לאָיאַליטעט האָבן יידן פֿאָרטגעזעצט אינם פֿאַראייניקטן קעניגרייך פֿון יוגאָסלאַוויע ביזן היינטיקן טאָג. אָבער די בעסטע אינטערפּרעטן פֿאַר די נאַציאָנאַלע געפֿילן פֿון יוגאָסלאַוויע לגבי יידן זענען דאָך געווען קעניג אַלעקסאַנדער דער ערשטער און זיין פֿאָטער, קעניג פּעטער דער ערשטער, וועלכע זענען געווען גרויסע און ערלעכע פֿריינד פֿון יידן".

קעניג אַלעקסאַנדער וועגן רעליגיע. — „וועגן דער פֿראַגע פֿון רעליגיע האָט זיך קעניג אַלעקסאַנדער דער ערשטער אויסגעדריקט אין פֿאָלגנדיקע ווערטער: „רעליגיע איז אַ פּריוואַטער ענין פֿון יעדן יחיד, די טעג ווען רעליגיע האָט געקענט באַאיינפֿלוסן די אינערלעכע ענינים פֿון אַ לאַנד זענען פֿאַרשוואונדן. איך, און מיט מיר דאָס גאַנצע פֿאָלק אונזערס, זענען פֿאַר פֿולער רעליגיעזער גלייכבאַרעכטיקונג אין אונזער לאַנד. קיינמאָל האָב איך נישט אויפֿגעגעבן און וועל אויך נישט אויפֿגעבן די פֿירנדיקע פּרינציפּן פֿון יוגאָסלאַוויעס ליבעראַ־ליזם און טאָטאַלער רעליגיעזער טאָלעראַנץ".

איינציקע צוויי אַנטי־יידישע געזעצן געבליבן אויפֿן פּאַפּיר. —

עטלעכע חדשים פֿאַר דער מלחמה האָט די „רעגענץ" פֿון פּרינץ פּאַוועל, אונטערן שטאַרקן היטלעריסטישן דרוק, אָנגענומען צוויי אַנטי־יידישע געזעצן; „נומערוס קלאַוזוס" און אַ פֿאַרבאָט פֿאַר יידן צו האַנדלען מיט לעבנסמיטל. אָבער אין גייסט פֿון יוגאָסלאַ־ווישע פֿאָלקס טראַדיציעס זענען די דאָזיקע געזעצן געבליבן אַ טויטער בוכשטאַב—דאָס פֿאָלק, ווי איין מאַן, האָט זיך אָפּגעזאָגט דורכצופֿירן די דאָזיקע געזעצן אין לעבן און זיך פֿון זיי אָפּגעקערט מיט עקל און פֿאַראַכטונג.

גלייך נאָכן אַראָפּוואַרפֿן פֿון פּרינץ פּאַוועלס רעגענץ און זיין רע־אַקציאָנערער רעגירונג, דעם 27־טן מערץ 1941, און גלייך נאָכן איבער־

נעמען פֿון טראָן פֿון קעניג פעטער דעם צווייטן האָט די נייע רעגירונג גלייך דערקלערט אַלס אומגילטיק אַלע נאַציש־פֿאַשיסטיש אינספּירירטע געזעצן, וועלכע די פֿריערדיקע רעגירונג האָט אוספּייעט אַרויסצוגעבן, דערונטער די צוויי אויבנדערמאָנטע אַנטי־יידישע געזעצן. דער דאָזיקער אַקט פֿון דער נייער רעגירונג, איז מער נישט געווען, ווי אַן ערלעכע אויספֿירונג פֿון ווילן פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק. ווייל די יוגאָסלאַוון האָבן קיינמאָל נישט געוואוסט פֿון וועלכע ס'איז אַנטי־יידישע אָדער גאָר ראַסישע חילוקים צווישן בירגער.

נאָך דער לעצטער מלחמה האָבן די סערבישע יידן באַקומען אַ חלק אין שאָדן־ערזאַץ. — זאָל מיר נאָך דערלויבט זיין צו באַמערקן, אַז נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבן יידישע בירגער פֿון מלחמה־חרובן סערביע באַקומען אַ גלייכן חלק מיט אַלעמען אין די שאָדן־ערזאַץ געלטער און קאָמפּענסאַציעס פֿאַר חרוב געוואָרענע און פֿאַרלוירן געגאַנגענע פֿאַרמעגנס לויט די באַשטימונגען פֿון „מלחמה־רעפּאַראַציע־אַקט”, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין שום קלאַוזול, וואָס זאָל מאַכן אַ חילוק צווישן אַ בירגער און אַ בירגער.

גנבות און „טראַנספֿערס” בטל געמאַכט דורך אַ דעקרעט פֿון פעטער II. — קעניג פעטער דער צווייטער, האָט ערשט נישט לאַנג, אונטערגעשריבן אַ דעקרעט, לויט וועלכן אַלע אייגנטומס־רעכט און טראַנספֿערס פֿון באַוועגלעכן און אומבאַוועגלעכן פֿאַרמעגן, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן נאָכן 6־טן אַפּריל 1941, זענען דערקלערט נישט־עקזיסטירנדיק און אומגילטיק, אין פֿאַל ווען אַזעלכע טראַנספֿערן זענען געמאַכט געוואָרן נישט מיטן פֿרייען ווילן פֿון זייער רעכטלעכן בעל הבית. אין אַנדערע ווערטער; אַלע פֿאַרמעגנס, וועלכע זענען מיט כּוח אַוועקגענומען געוואָרן פֿון זייערע באַזיצער הן דורך די אָקופּאַציע־באַהערדן אָדער דורך זייערע אַגענטן, וועלן נאָך דער מלחמה צוריקגעגעבן ווערן צו זייערע אמתע בעלי־בתים. ווי מיר זעען גייט פעטער אין די פֿוסטריט פֿון זיין פֿאָטער.

טראַדיציאָנעלע פֿריינדשאַפֿט נישט צעשטערט דורך דער „נייער אָרדענונג”. — היטלערס „נייע אָרדענונג־פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט באַוויזן צו צעשטערן די האַרמאָניע און פֿריינדשאַפֿט צווישן יידן און נישט יידן און דעריבער איז עס אויך קיין איבעראַשונג נישט, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק איז פֿאַראייניקט אין קאַמף קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. כּסדר ווערן גרעסער די רייען פֿון אונזערע בירגער, וועלכע שליסן זיך אָן אין דעם קאַמף אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון העלדישן דראַזשאַ מיכאַילאָוויטש, אָן שום אונטערשיד פֿון ראַסע אָדער אמונה.

— זייער קאַמף האָט נאָר איין אנציקן ציל: די באַפרייאונג פון פאָטער־לאַנד און דער נצחון פון דער דעמאָקראַטישער אידייע.

גלייכע רעכט פאַר אַלע בירגער. — דער פירנדיקער פרינציפּ און יסוד פון אַ פריי יוגאָסלאַוויע, איז: גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן פון אַלע געזעץ־אַפּהיטנדיקע בירגער אָן שום חילוק פון ראַסע אָדער אמונה".

ברידערלעך אייערער,

(—) באַגאָליוב יעווטיטש

שטאַטס־מיניסטער, געוו. פרעמיער

פון קעניגרייך יוגאָסלאַוויע

## גענעראַל מיכאַילאָוויטש, די טשעטניק־אַרמיי און די יידישע בריגאַדע

פון דער לעצטער וועלט־מלחמה איז פאַרבליבן פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער אַנעקדאָט:

אַ דייטשער אָפיציר פרעגט ביי אַ סערבישן געפאַנגענעם: — זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו אייגנטלעך געקעמפט?

— פאַר מיין לאַנד, פאַר מיין קעניג, פאַר מיין היים און מיין פאַמיליע — האָט דער סערבישער סאָלדאַט געענטפערט.

— און פאַרוואָס — האָט זיך דער סערב דערלויבט צוריקצופרעגן — פאַרוואָס האָט איר געקעמפט?

— מיר האָט דער דייטש געברומט, מיר האָבן געקעמפט פאַר דער ערע!

— הם... ברומט דער סערב צוריק — יעדער קעמפט פאַרוואָס ער האָט נישט...

די טשעטניקס זענען אַ רעגולערע אַרמיי און נישט קיין „רעבעלן".

— דער שוואַרצער דעק, וועלכער פאַלט איבער יעדן לאַנד, וועלכעס די אַקסיס אָקופּירטן, האָט נישט צוגעדעקט יוגאָסלאַוויע. יוגאָסלאַווישע פאַטריאָטן זענען זיך נישט פאַרקראָכן אין אַזוי גערופענעם „אונטער־גרונד" — ניין! זיי האָבן גאַנץ אייגפאַך דערקלערט זייער לאַנד און דער וועלט: די מלחמה אין יוגאָסלאַוויע איז ניט פאַרענדיקט. — אַנדערש ווי אין 1916, ווען די סערבישע אַרמיי האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צוריקצוציִען אין די בערג, אויב זיי האָבן געוואָלט פאָרט־זעצן דעם קאַמף. און דאָס האָבן זיי אויך געטון. מיט אייגענע כוחות און אָן שום קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט, האָט דראַזשאַ

מיכאַילאָוויטש רעאָרגאַניזירט די רעשטלעך פֿון דער יוגאָסלאַווישער אַרמיי און פֿאַרן פּרייז פֿון איבערמענטשלעכע ליידן און אויסדויער געוואונען די אָנערקענונג פֿון דער וועלט. — היינט ציילן די טשעט־ניקס איבער 300,0000 מאַן, זיי זענען פֿאַרהעלטניסמעסיק מאָדערן באַוואָפֿנט און שטייען אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט דער יוגאָ־סלאַווישער רעגירונג אין לאָנדאָן.

די ערשטע וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען און רעאַליזירט די וויכ־טיקייט פֿון מיכאַילאָוויטשס אויפֿשטאַנד איז געווען דער קעניג מיט דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג. און בעת די וועלט האָט נאָך אָנגענומען די נאַצישע ווערסיע; אַז די טשעטניקס זענען נישט מער ווי רעבעלן, האָט דער יונגער קעניג פּעטער אים גלייך דערהויבן צום ראַנג פֿון אַ גענעראַל און די רעגירונג האָט געטון דאָס בעסטע וואָס זי האָט געקאָנט טון, און אים דערהויבן צו אַ קריגס־מיניסטער. דאָס בעסטע, ווייל דאָס איז דער איינציקער ענטפֿער צו דער פֿינפֿטער קאָלאָנע, וועלכע האָט מיט אַלע מיטלען געפּרואווט מאַכן צו קליינגעלט אַלץ וואָס מיכאַילאָוויטש האָט אויפֿגעטון. — געפּרואווט מאַכן גלויבן דער וועלט, אַז דאָס איז אַ מין אונטערגרונד־באַוועגונג, ווי הונדערטער אַנ־דערע אין דייטשלאַנד גופֿא אָדער אין די אָקופּירטע לענדער.

אַ גרויסער טייל פֿון דער אַמעריקאַנישער עפֿנטלעכער מיינונג האָט זיך אויך גאָר גיך אָריענטירט, אַז די מיכאַילאָוויטש אַרמייען זענען נישט קיין צופֿעליקע דערשיינונגען און אַז דאָ האַנדלט זיך בכלל נישט וועגן אַזוי גערופֿענע „רעבעלן", נאָר וועגן אַן אַרמיי, אַ צווייטער פֿראָנט, אויב מען וויל. און נאָך איידער די יוגאָסלאַווישע רעגירונגס־מיסיע האָט אויפֿגענומען אָפֿיציעלע פֿאַרהאַנדלונגען אין וואַשינגטאָן וועגן „לענד־ליס" פֿאַר מיכאַילאָוויטשס אַרמייען, איז זיי די אַמערי־קאַנער עפֿנטלעכע מיינונג אַנטקעגנגעקומען מיט דער זעלבער פֿאָדערונג.

## די יידישע טשעטניק־בריגאַדע

איינצלנע יידישע העלדנטאַטן אין די רייען פֿון די אונטערדריקטע פֿעלקער אין יוגאָסלאַוויע, זענען קיין נייעס נישט. די פֿירער פֿון פֿרייען יוגאָסלאַוויע אין אויסלאַנד ווייסן עס כמעט מיט זיכערקייט, אַז יעדעס מאָל ווען די אָקופּאַציע מאַכט כאַפּט און דערשיסט „קאָמו־ניסטישע אַגיטאַטאָרן" זענען עס, על פּי רוב געווען זייער בירגער־לעכע אָבער פּאַטריאָטישע און מוטיקע יידן פֿון איינער פֿון די יוגאָ־סלאַווישע פּראָווינצן. — באַריכטן וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַקומען פֿון קראָאַציע נאָך פֿאַראַיאָרן, באַווייזן, אַז די קראָאַטישע יידן

זענען געווען אַזעלכע גוטע פּאַטריאָטן ווי זייערע סערבישע און באָסנישע ייִדישע און נישט־ייִדישע מיטבירגער. די ייִדן נעמען אַ טיכטיקן אָנטייל אין סאַבאָטאַזש־אַקטן, ווי צעשטערן פֿון בריקן און אייזנבאַנען, אין אַריבערפֿירן פֿון אינפֿאָרמאַציעס און ענלעכע אַקטן.

דייטשע צײַטונג אין קראָאַציע באַשטעטיקט ייִדישן אָנטייל אין אונטערגרונד אַרבעט. — אַזוי דערציילט די דויטשע צייטונג אין קראָאַציען" דעם 17־טן סעפּטעמבער 1941, וועגן דעם ייִדישן יונגעמאַן מיראָסלאַוו באַוער, וועלכער איז געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן דורך אַ נאַצי „פֿייערינג סקוואָד" דערפֿאַר, וואָס מ'האָט ביי אים געפֿונען פֿאָלגנדיקע זאַכן: צוויי באָמבעס, אַן אויטאָמאַטישן קאַראַבין און די געהעריקע אַמוניציע דערצו. — פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך „קאָמוניסטישע ליטעראַטור". — די יוגאָסלאַווישע רעגירונגס־קרייזן, וועלכע האָבן ידיעות איבער דעם דאָזיקן יונגן העלד, ווייסן, אַז ער איז געווען אַ באַשיידענער 24 יאָריקער סטודענט אָן וועלכן ס'איז שייכות מיט קאָמוניזם. (די אינפֿאָרמאַציע און די יוגאָסלאַוון גייט אַזוי ווייט, ווי צו וויסן אַז ער איז געוון אַן אשכּנזי און נישט קיין ספֿרדי). — 3 טעג שפּעטער האָט דער „נאָווי ליסט" אַ נאַצי קאָנטראָלירטע צייטונג אין סאַראַיעוואָ, געבראַכט אַן אָפֿיציעלע ידיעה, וועלכע נאָר אַזעלכע חיות ווי די נאַציס און זייערע הענקער־קנעכט שעמען זיך נישט צו פֿאַרעפֿנטלעכן. די ידיעה האָט מיט ייִדן אַ באַזונדער שייכות:

דער „נאָווי ליסט" פֿון 20־טן סעפּטעמבער 1941, גיט איבער אין דער טרוקענער אַמט־שפּראַך, אַז אין אַ צוזאַמענשטויס צווישן טשעטניקס און „אוסטאַשיס" (שטורם־טרופּן פֿון די יוגאָסלאַווישע קוויזלינגס) זענען געפֿאַנגען געוואָרן אַ צענטליק טשעטניק־טרופּן, אַלע שווער פֿאַרוואונדעטע. — נישט קוקנדיק דערויף האָט זיי אַ נאַצי־טריבונאַל פֿאַראורטיילט צום טויט און זיי אַלעמען גלייך דערשאָסן. צווישן די דערשאָסענע זענען געווען צוויי מיטגלידער פֿון דער ייִדישער בריגאַדע, מאַקס רייסבערג (אַ באָסנישער ייִד) און פֿרעד לאַופֿער, אָן אַן אַדרעס...) ביידע זענען געפֿאַנגען געוואָרן פֿאַרוואונדעטע אין אַ וואַלד, ביידע, צוגלייך מיט די איבעריקע, שווער באַוואָפֿנט. — די באַשולדיקונג קעגן זיי איז געווען: זיי האָבן זיך באַמיט צו ווערבירן די דאָרפֿס־יוגנט אין די רייען פֿון די באַוואָפֿנטע טשעטניקס (וועלכע באַקומען געווער פֿון פֿיינטלעכע עראָפּלאַנען) און אַ פֿאַרזוך צו אַטאַקירן די קראָאַטישע שטורם־טרופּערס און אַ זשאַנדאַמעריע־לאַגער. — ביז אַהער גייט די אָפֿיציעלע ווערסיע פֿון די נאַצישע „אויטאָרי־

טעטן — דאָס גיבן צו די נאַציס אַליין און צום ערשטן מאָל אָן דעם צוגעבן דעם קאָמוניסטישן תירוץ פֿון „קאָמוניסטישער טעטיקייט".

אַן אָפֿיציעלער באַריכט פֿון דער דייטשער אויבערקאָמאַנדע אין בעלגראַד פֿון 10־טן אָקטאָבער 1941, גיט איבער פֿאָלגענדע פֿאַקטן:

נאָך אַ דריי שעהדיקער שלאַכט אינם דאָרף וועגכאַניע, אין דער געגנט פֿון סאָפּאָט, איז עס אונזער אָפּטיילונג געלונגען צו פֿאַרטרייבן אַ באַנדע קאָמוניסטן און פֿון זיי צו פֿאַרניכטן עטלעכע און צוואַנציק מאַן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפֿונען זייער פֿירער יצחק סאַלאָמאָן עניו..."

דער קאָמוניסטישער טריק האָט דאָ אַ גאַנץ קליינע באַדייטונג, נעמענדיק אין אַכט, אַז דער געפֿאַלענער שעף פֿון דער דאָזיקער טשעטניק אָפּטיילונג, ה׳ יצחק שלמה עניו, איז געווען אַן אָנגעזעענער און רייכער ספֿרדישער יידישער אַדוואָקאַט פֿון שטעטל פּאַיאַרעוואַץ און אַ באַקאַנטער אַנטי־קאָמוניסט. — בכלל איז דאָס ספֿרדישע יידנ־טום אין יוגאָסלאַוויע געווען ווייט פֿון אַלע מינים איזמען, און ספּעציעל פֿון קאָמוניזם.

עס ליגן פֿאַר אונז נאָך אַ סך שפּעטערע באַריכן, ווי דער פֿון טשעטניק פֿירער מילאַן בנבנישתי, וועמען די דייטשן האָבן געפֿאַנגען דעם 29־טן דעצעמבער 1941 און אים אויפֿן אָרט דערשאָסן — אָבער די ליסטע וועט ווערן צו לאַנג, מיר וועלן זיך בכן באַגנוגענען מיט די אויבן אָנגעגעבענע פֿאַקטן און נאָך בקצור איבערגעבן אַ פּאָר איינצל־הייטן וועגן דער יידישער בריגאַדע אין די רייען פֿון די טשעטניקס.

איבערן גורל פֿון די 80 טויזנט יידן וואָס האָבן געלעבט אין יו־גאָסלאַוויע, קורסירן די שרעקלעכסטע קלאַנגען. — ביי אונז לעבט די האָפֿענונג, אַז מיר וועלן נאָך דעם רוב פֿון זיי ווידער זען לעבעדיק און זיגרייך. — דאָס איז, איבעריקנס אויך די מיינונג פֿון די פֿירנדיקע יוגאָסלאַווישע מלוכה־מענער.

די גרוסן וועלכע מיר באַקומען, פֿון צייט צו צייט, פֿון יוגאָסלאַוויעס יידן, וועלכע זענען מיט מיכאַילאָוויטשס אַרמייען זענען דערמוטיקנ־דיקע, זייערע מעשים וועלן פֿאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער יידישער מלחמה־ליסטע. — דאָס איז דער אַלגעמיינער אויסדרוק פֿון דער יידישער עפֿנטלעכער מיינונג. מיר פֿאַרענדיקן דעם דאָזיקן קאַפּיטל מיט אַ טרעפֿלעכן לייט־אַרטיקל פֿון דער „קאַליפֿאָרניער יידישער שטימע" — איינער פֿון די אומצייליקע אינם גרויסן כאָר פֿון יידישער אָנערקענונג פֿאַר יוגאָלאַוויע:

„מיר האָבן געוואוסט, אַז אין דער סערבישער גערילאַ־אַרמיי, וואָס ווערט אָנגעפירט פון יונגן העלדישן גענעראַל דראַזשאַ מיכאַי־לאָוויטש, געפינט זיך אַ היפשע צאָל יידן, נאָר אַז אין דער דאָזיקער אַרמיי זאָלן זיך געפינען גאַנצע 16 טויזנט יידן, דאָס איז שוין אַ נייעס, וואָס מיר האָבן זיך לעצטנס דערוואוסט דורך אַ קייבל פון לאָנדאָן.

צווישן די 16 טויזנט יידן אין דער סערבישער גערילאַ אַרמיי זענען דאָ 2,600 פרויען, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון די פרייהייטס־קעמפער מיט זייערע מענער און חתנים. אַפילו דריי הונדערט יידישע קינדער באַטייליקן זיך אין גענעראַל מיכאַילאָוויטשס אַרמיי.

נאַטירלעך, האָט סערביע אַליין נישט געקענט צושטעלן אַזאַ גרויסע צאָל יידן צו דער גערילאַ־אַרמיי, אָבער יידן פון די אַנדערע נאַצי־אָקופירטע לענדער אויפן נאָענטן מזרח זענען צוגעשטאַנען צו די העלדישע קעמפער קעגן נאַצי־פאַשיזם. אַ חוץ סערבישע יידן זענען אין דער אַרמיי אַריינגעטראָטן אויך יידן פון גריכנלאַנד, בולגאַריע און אונגאַרן, און ווי מ׳גיט איבער צייכענען זיך די אַלע אויבנדער־מאָנטע יידן אויס מיט זייער העלדישקייט און פילן זיך ווי אַ טייל פון דער סערבישער קעמפערישער פרייהייטס־אַרמיי.

ס׳איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן, אַז אויף ראש השנה און יום כפור האָבן די יידישע גערילאַס איינגעאָרדענט מנינים אין אַלע פונקטן, וואו זיי האָבן זיך צו יענער צייט געפונען. די מנינים האָבן געהאַט ספרי־תורה, טליתים, שופרות און מחזורים, וואָס זיי האָבן געראַטעוועט פון די נאַצישע הענט. יידן האָבן געדאַווענט צווישן די בערג, אין די שטעט און שטעטלעך פון סערביע, וואָס מיכאַילאָוויטש האָט אַרויסגעריסן פון די נאַצי־הענט, און דריי רבנים, וואָס געפינען זיך אין דער גערילאַ־אַרמיי האָבן אָנגעפירט מיט די תפילות.

מיר קענען שטאָלצירן מיט אַזעלכע העלדישע יידן, און מיר זענען זיכער, אַז אין דער צוקונפט, ווען עס וועט פאַרשריבן ווערן די העל־דישקייט פון מיכאַילאָוויטשס גערילאַ אַרמיי און איר העראָישער קאַמף קעגן די נאַציס, וועט די העלדישקייט פון די יידן אין דער דאָזיקער אַרמיי פאַרנעמען אַ וויכטיקן און ליכטיקן פרק".

קאַליפאָרניער „יידישע שטימע" 30 אָקטאָבער 1942

**and to lay the foundations of justice, freedom and equality for all. This credo is repeatedly reiterated in declarations made by the Prime Minister and the members of his government on different occasions. The Polish Government views with sympathy the national aspirations of the Jewish people to rebuild their national homeland in Palestine as a Jewish State.**

**YUGOSLAVIA** The history of the Jewish community in Yugoslavia is interwoven with almost all the heroic events of the fight for freedom of the peoples of Yugoslavia. The Royal House, the Government and the people of Yugoslavia always remember with appreciation the devotion and the sacrifices of the Jews to their country. Yugoslav statesmen were always among the first to express sympathy with and to promise cooperation for the Jewish aspirations to rebuild Palestine as a Hebrew national state. In this war Yugoslavia is the only country maintaining a regular army in her invaded land, and the Jews once more participate in the fight and share the plight of the heroic Yugoslavs. Furthermore, an all Jewish brigade is fighting in the ranks of the Chetniks under Draja Mihailovitch. According to unofficial reports more than ten thousand Jews are fighting as soldiers in the
assign to them a proper share in the rebuilding of the Kingdom.
victory is won they will reintegrate the Jews in their rights and
Chetnik armies. The Yugoslav Government in exile feels that after
victory is won they will reintegrate the Jews in their rights and
assign to them a proper share in the rebuilding of the Kingdom.

*New York City*
*June, 1943*

**through the centuries, through fabulous prosperity and peace as well as through turbulent times of disaster and depression. But the loyalty and friendship of the Dutch Government are not confined to the Jewish citizens of Holland alone. The House of Orange and its Government are determined to put an end to the scandal of modern history—of millions of persecuted Jews without a home of their own. In this respect Prime Minister Pieter H. Gerbrandy solemnly declared that after the war Holland will actively participate in finding a solution to this problem, although it does not exist within the bounderies of the Netherlands.**

**LUXEMBOURG** The history of the Jewish community in Luxembourg dates from the 13th century. Though this Jewish community numbered only a few thousands it was renowned the world over for its freedom and prosperity. The exiled government of Luxembourg believes that the Jewish problem is of great concern to all the civilized world.

**NORWAY** **King Haakon's Government does not miss any opportunity of expressing deep sympathy with the Jewish victims of German tyranny. The government of Norway promises not only the re-establishment of the Jews in their rights but also assures them all due reparation in order to enable them to take up life again as free men in free Norway.**

**PHILIPPINE ISLANDS** The president of the Philippine Commonwealth does not recognize any possibility of justifying the existence of a Jewish problem. President Manuel Quezon is proud of the energy and skill of the small Jewish community in the Commonwealth of the Philippines.

**POLAND** **The national catastrophe that befell Poland brought Jews and Poles to closer cooperation. The underground movement cemented the friendship of the fellow fighters, both Poles and Jews, for the deliverance of their country. The underground never deserted the Ghettos of the Polish cities. The underground provided the Ghettos with every possible help in their power as well as with weapons and ammunition in order to enable them to fight to the last against the German killers. The Polish Government in exile influences and directs the activities of the underground in this spirit of tolerance and loyalty to the Jews. For the Polish government is determined to rebuild Poland on sound foundations of modern democracy. It is determined to uproot bigotry**

**DENMARK** The people of Denmark demonstrate their allegiance to the principles of democracy during the recent elections to parliament. They defied Hitler in an unprecedented manner, electing three Jewish members to parliament. The people acted in accordance with the advice of their liberal King.

**FRANCE** **The rebirth of the glorious French nation is proceeding in a magnificent spirit counterbalancing the decadence and betrayal by the Vichy "chiefs." Only a Messiah of the Hebraic conception or a Jeanne d'Arc of Gallic imagination was able to rehabilitate the moral and military disaster of France. It was General Charles de Gaulle who personifies the saviour of prostrated France. From the very beginning he understood that one of his first duties is to take a stand against the anti-Jewish laws enacted by Vichy. He did it with the proper simplicity of a great leader. He proved that it is not enough to be in passive opposition to anti-semitism. He simply ordered its extermination.**

**GREECE** In few countries under the Nazi heel are the anti-Jewish decrees so obstructed and resisted as in Greece. In few countries under Nazi domination have so many impressive and spectacular manifestations been seen of solidarity with the persecuted Jews as in Greece. In those troublesome years between Hitler's accession to power and the beginning of World War II, Greece played a special part in the movements of the wandering Jew; in his endeavors to find a haven, Greece became a transfer station for the persecuted and weary wanderer, where he took rest and received care and advise on how to reach his destination. The leaders of Greece, now prostrate and martyred, closer to the plight of the Jews than any other nation, promise to intensify their cooperation by helping to find the practical solution for the problems of the Jewish people after victory.

**HOLLAND** **The country where loyalty and solidarity with the Jews are displayed every day in the most daring defiance of the invader. This phenomenon is not surprising, since the Netherlands is the classic country of freedom, tolerance, justice and peace. As a matter of historic fact the settlement of the Jews in Europe after their disaster in Spain started with the open gates and warm hospitality of the Netherlands. The Royal House, the Government and the people of Holland practiced tolerance at an epoch when it was unknown and inconceivable by the rest of Europe. This glorious tradition was maintained and sustained**

# The Governments In Exile
# And Their Attitude Towards The Jews

Yiddish Edition

*by Z. H. Wachsman*

*This book is an aggregation of documents dealing with the political rights and the economic status of their Jewish citizens, issued by the various Governments in exile.*

*From these documents one can learn what was the situation of the Jewish communities in those countries before the beginning of the war and the intentions of the exiled statesmen as to their post-war policies in connection with the Jewish problem and its solution.*

*All these documents, notwithstanding their variety, have a common characteristic—they are all permeated with good will to face the issue in a democratic spirit free from prejudice.*

**BELGIUM** Inspired by the ideals of their forefathers, the patriots of Belgium were the trailblazers for all European resistance. The yellow star of David became the symbol of human solidarity and compassion with the Jewish martyrs. Many Belgian patriots deemed it their duty to wear that yellow star. A resumé of the conditions in which the Jew in Belgium lived before and during the horrifying days of Invasion inspires the hope that after the war there will be no Jewish problem in Belgium as there was none before spring 1940.

**CZECHOSLOVAKIA** **The great European Statesman and apostle of democracy, Dr. Edward Benes, defines the principles of equality of rights for the Jewish citizens, promising them final and total victory over German tyranny. He inspired them to endure their sufferings until the day of deliverance. The high ideals by which Czochoslovak statesmanship is guided, do not prevent the heirs of T. G. Masaryk from being realists. They recognize the existence of an international Jewish problem and they urge to face it with courage and imagination at the coming peace conference where this problem will find its solution in a re-born democracy.**

# The Governments-in-Exile and Their Attitude Towards The Jews

Edited by

J. H. Wachsman

"THE RESISTANCE"
ANTI-AXIS NEWS BULLETIN
New York 1943

**The Material for this issue** has been gathered from releases of the Information Services of: Belgium, Czechoslovakia, Denmark, Fighting France, Greece, The Netherlands, Luxembourg, Norway, Philippine Commonwealth, Poland, Yugoslavia, The United Nations' Information Center, The Institute for Jewish Affairs and from various Jewish newspaper reports in the United States and abroad **Special Interviews** with: Ambassador Georges Theuniss, former Prime Minister of Belgium, M. Jan Masaryk Foreign Minister of the Czechoslovak Government in Exile and Pres. Bogoljub Jevtich former Prime Minister of Yugoslavia.

## The Governments-in-Exile And Their Attitude Towards The Jews

"Antisemitism is, in my opinion, a blow for the non Jews, and only for them. It damages them, it makes them immoral and vulgar..."

*Thomas G. Masaryk*